## כדי איהר זאָלט וויסען

פון וואַנען האָב איך מיין מעשה־נורא גענומען?

עטליכע יאָהר פאַר דער וועלט־מלחמה האָט ש. אַנ־סקי, צו־זאַמען מיט נאָך עטליכע יונגעלייט, זיך אַוועקגעלאָזט איבער די אידישע שטעדטלאך פון אוקראַינע זאַמלען אידישע פאָלקלאָר. דאָס איז געווען די „עטנאָגראַפישע עקספּעדיציע", וואָס האָט אַרויס־גערופען אַ היבש ביסעל אינטערעס אין יענע טעג.

אַ סך־הכל פון די וואונדערליכע זאַכען וואָס די עקספּעדיציע האָט געראַטעוועט פון דעם שר־של־שכחה האָט געגעבען א. רכטמן אין לוח אחיעבר (קובץ שני) אונטער דעם נאָמען „מדור הולך" און אין איינע פון די קורצע סקיצען דערצעהלט ער, אַז אין אָסטראָהאַ, וואָהלינער גובערניע, נאָהענט צום שלאָס פון פּריץ, געפינט זיך אַן אַלטער קבר און אויף דער מצבה קען מען נאָך לייענען פאָלגענ־דע אויפשריפט:

## פ"נ הצעיר הקדוש שנקבר חי

דאָן גיט ער איבער בקצור איינינע דעטאַלען פון דער פּאַסי־רוּנג, מיט וועלכער איך האָב זיך באַנוצט אַלס מאַטעריאַל פאַר מיין טרויער־שפּיעל.

און איצט נאָך אַ וואָרט:

איז איינער געווען אַ בן־תורה אָדער אַ גרויסער ירא־שמים, האָבען אידען דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסען צו דערמאָנען, ספּע־ציעל בנוגע צו אַ קדוש, אַ מאַרטירער.

אין דער לעגענדע, אָבער, ווערט ניט דערמאָנט אַ וואָרט וועגען דעם.

„אַ גרויסער קראַסאַוויץ, הויך און שטאַרק ווי אַ דעמבע" — דאָס איז אַלץ וואָס ווערט דערצעהלט וועגען יענעם יונגען קדוש און מעהר גאַרניט.

און דאָס, רבותי, וועט אייך קלאָהר מאַכען (ניין, איך ענט־שולדיג זיך חלילה ניט) מיין אויפפאַסונג פון לייבקע קוילענברענער.

## פּערזאָנען:

לייבקע קוילענברענער.
זימעל שענקער.
קריינדעל, זיין טאָכטער.
סגי־נהור'טע, אַן אַלטע בלינדע אידענע.
דער רב.
דער לאַנגער שמש.
רבי מאטעל תאומים.
ערשטער בעל־הבית.
צווייטער בעל־הבית.
דער פּירשט.
די פירשטין עלענאַ, זיין טאָכטער.
דער הויף־מייסטער.
דיאַפּריע, אַ היידעמאַק.
יאַדוויגא, עלענאַ'ס דיענסט.
אידען, אידענעס, בחורים, מיידלאַך, קינדער,
פּערשטער, פּויערן, היידעמאַקעס, הויף־דיענער.

### אין פּראָלאָג און אין עפּילאָג:

צוויי אינגלאַך, צוויי בחורים, צוויי יונגעלייט,
צוויי מיטעליעהריגע אידען, צוויי זקנים,
אידען, אַלטע און יונגע.

---

וואָהלין: אָנפאַנג 18־טען יאהרהונדערט.

# פּראָלאָג

(אַ וועלדעל אויף אַ שפּיץ באַרג. אין הינטערגרונד, רעכטס, אַן אַלטער שלאָס; לינקס, די דעכער און קוימענס פון שטעדטעל. אַן אוהל צווישען צוויי אַלטע, ביידריג־באַוואַקסענע נוסען־בוימער. אַרום די שטאַמען — ניעדרי־גע, קיילעכיגע בענק. אין דער זייטיגער וואַנד פון אוהל, רעכטס, אַן אַריינגאַנג. אין דער פאָדערשט־וואַנד, אַן אַלטע, דעמבענע מצבה, מאָך־באַוואַקסען. צוויי קליינע פענסטערלאַך אין דער וואַנד. אויף דער מצבה איז אויסגעקריצט די אויפשריפט:

פ״נ

הצעיר הקדוש שנקבר חי

ס׳איז העלער טאָג, פריה־אָסיען).

צ ו ו י י א י נ ג ע ל א ך : (קומען ארויף פון וועג).

ק ל י י ן א י נ ג ע ל ע : או! זעה! וואָס איז דאָס?

ע ל ט ע ר א י נ ג ע ל ע : דער ציון.

ק ל י י ן א י נ ג ע ל ע : דער וואָס?

ע ל ט ע ר א י נ ג ע ל ע : דער קבר פון צדיק.

ק ל י י ן א י נ ג ע ל ע : ער ליגט אין שטיבעל?

ע ל ט ע ר א י נ ג ע ל ע : יאָ, ער ליגט אין שטיבעל.

ק ל י י ן א י נ ג ע ל ע : מעג מען אריינגעהן אין שטי־בעל?

עלטער אינגעלע: מיט דיינע מחשבות מעג מען אריינגעהן אין שטיבעל; אז ניט לעבט מען ניט אוים דאס יאהר.

קליין אינגעלע: כ׳האב מורא.

עלטער אינגעלע: ניטא וואס מורא צו האבען.

קליין אינגעלע: כ׳וויל געהן אהיים.

עלטער אינגעלע: טארסט ניט געהן אהיים. דו וועסט נאך איהם היינט קדיש זאגען. (נעהמט איהם אן ביי דער האנד; זעצען זיך אויף דער באנק).

צוויי בחורים: (קומען ארויף דעמזועלבען וועג).

ערשטער בחור: — — — און מ׳זאגט, אז אין דער נאכט פון יאהרצייט קומט צוריק די פירשטין עלענא פון דעם עולם התוהו. זי באווייזט זיך צו אידישע בחורים און וויל זיי איבעריידען צו אן עברה. ס׳הייסט אז זי טהוט דאס ווייל זי וויל זיך נוקם זיין אן זיי.

צווייטער בחור: (מיט אראבגעלאזטע אויגען) יא, זי וויל זיך נוקם זיין אן זיי.

ערשטער בחור: מ׳זאגט זי איז געווען א גרויסע יפת־תואר און אז זי באווייזט זיך צו אימיצען איז זעהר שווער זיך — — — איז דאס זעהר א שווערער נסיון.

צווייטער בחור: יא, זעהר א שווערער נסיון (פארשטעלט די אויגען מיט די הענד).

ערשטער בחור: דו גלויבסט?

צווייטער בחור: (א דערשראקענער) הא?

ערשטער בחור: זי באווייזט זיך טאקי? שוין אימיצען געטראפען?

צווייטער בחור: (שווייגט).

ערשטער בחור: נו, קום לאמיר אריינגעהן אין אוהל אריין. מיר וועלען דערווייל זאגען א קאפיטעל תהלים. (לאזט זיך געהן).

צווייטער בחור: (בלייבט שטעהן) איך קען ניט.

ערשטער בחור: געהסט ניט אריין?

צווייטער בחור: ניין.

ערשטער בחור: וואס איז? וואס איז? חלילה — — — ?

צווייטער בחור: (מיט אן אראפגעלאזטען קאפ) איך שעהם זיך פאר איהם. (זיי זעצען זיך).

צוויי יונגעלייט: (קומען אן).

ערשטער יונגערמאן: — — — אויפגעוועזן א גאנצע נאכט און ניט פאספייעט.

צווייטער יונגערמאן: וויפיעל פרקים משניות האסטו עס אויף דיר גענומען?

ערשטער יונגערמאן: צוויי־און־צוואנציג און פופצעהן.

צווייטער יונגערמאן: קעגען וואס?

ערשטער יונגערמאן: א חלום.

צווייטער יונגערמאן: ווער? טאקע ער זכרונו לברכה אליין?

ערשטער יונגערמאן: יא. געקומען מיט א ספר אונטער'ן ארעם.

צווייטער יונגערמאן: עפעס געזאגט?

ערשטער יונגערמאן: ער האט זיך אנגעבויגען צו מיר און מיך געפרעגט: „דו ווייסט ווי איך היים?" איך האב א הוידע געטהון מיט'ן קאפ אויף יא. איך בין געווען אזוי דערשראקען, אז איך האב ניט געקענט אווארט ארויסרעדען.

צווייטער יונגערמאן: און ער איז נעלם געווארען?

ערשטער יונגערמאן: ער האט זיך געלאזט געהן און זיך אומגעקעהרט. ער האט מיך א פרעג געטהון: „ווי

אלט איך בין געווען, ווייסטו?" איך האָב ווידער אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ און ער איז פאַרשוואונדען.

צווייטער יונגערמאַן: ביזט געווען ביים רב פותר־חלום זיין?

ערשטער יונגערמאַן: געווען. אַלט געווען איז ער צוויי־און־צוואַנציג יאָהר ווען ער איז נתקדש געוואָרען און אין נאָמען זיינען דאָ פופצעהן אותיות — אריה לייב בן נפתלי.

צווייטער יונגערמאַן: און דער ספר איז געווען אַן אַנצוהערעניש אויף משניות. אַ גרויסע זאַך. זיך ממש ביי דיר געבעטען.

ערשטער יונגערמאַן: כ'האָב מיטגענומען אַ משניות. כ'האָב נאָך צו לערנען פּינף.

צווייטער יונגערמאַן: קום, מיר'ן לערנען אינאיינעם.

צוויי מיטעליעהריגע אידען: (קומען אַן).

ערשטער איד: — — — און אויף שטעלען די יאָהרצייט־ליכט האָט אונזער משפחה אַ חזקה שוין פון קדמונים. דער טאַטע, דער זיידע, דער עלטער־זיידע און — דער עלטער־עלטער־זיידע.

צווייטער איד: אַ גרויסע זכיה. ווי האָט ער געהייסען?

ערשטער איד: ווער? דער עלטער־עלטער־זיידע? רבי עובדיה האָט ער געהייסען. געווען איינער פון שוואַרצען מנין.

צווייטער איד: ס'איז געווען גרויס מסירות־נפש.

ערשטער איד: ווען מען וואָלט געכאַפּט, וואָלט געווען דער פּירשט געלאָזט פאַרשמייסען אויף טויט. אָבער די צעהן פון שוואַרצען מנין זיינען געווען גבורים. אין מיטען נאַכט, שטאָק־פינסטער, געגאַנגען און אויסגעגראָבען און מטהר געווען און אַנגעטהון תכריכים. איז ער דאָך אָבער געלעגען אין איין קבר

מיט דער גויה, האט מען נאך געמוזט שלעפען שטיינער און באטש אויסבויען א מחיצה. און אלץ אין דער פינסטער. מורא געהאט אפילו א לאמטערן צו נעהמען.

צ ו ו י י ט ע ר  א י ד : דאס איז געווען אויף דער דרי־טער נאכט, הא?

ע ר ש ט ע ר  א י ד : יא, אויף דער דריטער נאכט נאכ־דעם ווי מען האט איהם א לעבעדיגען אריינגעלעגט אין קבר. צום ערשטען יאהרצייט האט דער זיידע עובדיה אנגעצונדען דאס ערשטע נשמה־ליכט. צום צווייטען יאהר, האט ער אנגעצונדען צוויי. צום דריטען, דריי.

צ ו ו י י ט ע ר  א י ד : קעגען וואס?

ע ר ש ט ע ר  א י ד : דער זיידע עובדיה האט אויף אזא אופן געצעהלט די יאהרצייטען. איז שוין אזוי געבליבען דער מנהג.

צ ו ו י י ט ע ר  א י ד : וויפיעל צינדט מען שוין דאס יאהר?

ע ר ש ט ע ר  א י ד : הונדערט מיט איין־און־צוואנציג. קומט אריין. (געהן אריין אין אוהל. עס הויבט זיך אן לייכטען דורך די פענסטערלאך).

צ ו ו י י  ז ק נ י ם : (קומען אן).

ע ר ש ט ע ר  ז ק ן : (מיט א פנקס אונטער'ן ארעם) — — — — ווערט מיט יעדען יאהר שווערער. (קרעכצט).

צ ו ו י י ט ע ר  ז ק ן : הא?

ע ר ש ט ע ר  ז ק ן : שווערער! שווערער!

צ ו ו י י ט ע ר  ז ק ן : וואס? דער פנקס?

ע ר ש ט ע ר  ז ק ן : יא, דער פנקס.

צ ו ו י י ט ע ר  ז ק ן : צו גאר די הליכה צום ציון? הא? בארג ארויף און אלטע פיס?

ע ר ש ט ע ר  ז ק ן : די הליכה איז אויך ניט לייכט. (קרעכצט).

צוױיטער זקן: אײ, אײ, אײ! געקענט דאך מיר געבען טראָגען דעם פּנקס. מיר װאָלט ניט געװען אַזױ שװער.

ערשטער זקן: ס'װעט נאָך קומען דײן צײט אױך. מ'טאָר ניט משנה זײן פון מנהג. דערװײל איז דאָס מוטל אױף מיר. איך װיל איהם טראָגען און איך װיל לײענען די מעשה נורא כדי דאָס זאָל איבערגעהן בירושה פון דעם עלטסטען צום אינגס־טען. שױן פיער דורות אַזױ. דער זקן פון שטאָדט טראָגט דעם פּנקס צו דער הלולא און דערצעהלט די מעשה נורא צו דעם אינגסטען חדר־אינגעלע.

צוױיטער זקן: פון עלטסטען צום אינגסטען. אודאי. צו תינוקות של בית רבן. יאָ, יאָ.

ערשטער זקן: און טאָמער װײסטו ניט דעם טעם, װעל איך דיר זאָגען. אַלטע הײפען ניט איבער; יונגע פאַרגעסען ניט. און אַזױ בלײבט עס לזכר עולם.

צוױיטער זקן: און אַזױ בלײבט עס לזכר עולם. (זעצען זיך).

(עס קומען אָן אידען, אַלטע און יונגע. זײ רינגלען אַרום דעם אוהל, זאָגען תהלים. דער שײן אין די פענסטערלאַך װערט שטאַרקער).

ערשטער זקן: נו? אױף װאָס װאַרט מען?

צװײ מיטעליעהריגע אידען: (געהן אַרום צװישען עולם) שאַ! שאַ! די הלולא! שאַ! די הלולא!

(דער עולם װערט שטיל. עלטערע זעצען זיך. אינגערע שטעהן אין אַ האַלב־קרײז אַרום דער באַנק װאו די צװײ זקנים זיצען).

ערשטער זקן: נו! לאָמיר אָנהױבען. װאו זײנען זײ?

צוױיטער זקן: װער? די קינדערלאַך?

ערשטער זקן: די אינגסטע! די אינגסטע!

(מען ברענגט צופיהרען די אינגלאַך).

צווייטער זקן: (נעהמט דאָס קליינע אינגעלע אויפ׳ן שויס; גלעט איהם) ביזט שוין אמאָל געווען צו דער הלולא?

קליין אינגעלע: ניין.

צווייטער זקן: דאָס ערשטע מאָל, דאָס ערשטע מאָל. און קדיש זאָגען קענסטו?

קליין אינגעלע: איך קען.

צווייטער זקן: ער קען, ער קען. און דו וועסט דיך צוהערען מיט קאָפּ?

קליין אינגעלע: יאָ.

ערשטער זקן: און קיינמאָל ניט פאַרגעסען. דו הערסט? קיינמאָל ניט פאַרגעסען!

צווייטער זקן: זאָג נאָך. כ׳וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

קליין אינגעלע: (דערשראָקען) כ׳וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

(קורצע פויזע).

ערשטער זקן: (מורמעלט אַ פּאָר מינוט אַ שטילע תפלה פאַר זיך, מאַכט אויף דעם פּנקס, גראָבט אריין די אויגען און פאַנגט אָן) הערט אוים, איהר אַלע, מיט ריינע מחשבות, כדי איהר זאָלט חלילה ניט נכשל ווערען אין קיין הרהור חטא. הערט אוים און איך וועל אייך דערצעהלען אַ מעשה נורא וואָס האָט זיך געטראָפען אין אונזער קהלה קדושה. געווען אמאָל — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם)

# ערשטער אַקט

(אַ ברייטער שטראָם פאַר זימעלס קרעטשמע. דער שטראָם צוטיילט זיך אין צוויי וועגען. איינער פיהרט באַרג אַרויף דורך אַ בוימער־אַלעע צום שלאָס פון פירשט אין הינטערגרונד. דער צווייטער פיהרט אין טהאַל רעכטס וואו דאָס אויג כאַפּט אַ בליק אויף די קוימענס און דע־בער פון שטעדטעל. צווישען שלאָס און שטעדטעל ליעגט דאָס וועלדעל אויפ'ן שפּיץ באַרג. מען זעהט קלאָהר די צוויי נוסען־בוימער (אָהן דעם אוהל). — אין דעם רעכט־עקיגען ווינקעל, וואו דער שטראָם פאַרנעהמט זיך צום שלאָס, שטעהט די ברייטע, גיעדריגע קרעטשמע, אַרומ־גערינגעלט פון בוימער. אַ בריקעל איבער אַ טיעפער פאָסע פיהרט פון שטראָם צו דער קרעטשמע. ארום דעם הויז אַ לייטענע פריספע. — מיט־זומער).

(צימבאַל־שפּיעל און ליאַרעמדיג זינגען ווען דער פאָרהאַנג געהט אויף).

**הויף־מייסטער**: (מיט אַ גרופּע היידעמאַקעס קומען אָן פון בוימער־אַלעע; שטעלען זיך אָב ביים בריקעל פאַר דער קרע־טשמע).

**אַ פּויער**: (שטעקט ארויס דעם קאָפּ דורכ'ן אָפענעם פענס־טער. דערזעהט דעם הויף־מייסטער. טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד צו די אינוועניג און דער ליאַרם הערט אויף).

**הויף־מייסטער**: זיעבען שווארצע רוחות אין זייערע טאַטעס אריין! איך הייס זיי געהן גלייך צו דער בריק און וואו געפין איך זיי? אין קרעטשמע. זימעל! זימעל!

ז י מ ע ל : (קומט ארויס) גוט מארגנן, הערר הויף־מייסטער, גוט מארגנן.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : (א צוקאכטער) הא ?

ז י מ ע ל : נאר גאט אליין האט אייך צוגעשיקט, הערר הויף־מייסטער.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : ניט פארריידען די צייהנער, זי־מעלע, כ׳האב געהייסען שליסען די קרעטשמע, צו ניין ?

ז י מ ע ל : יא, יא, געהייסען.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר: כ׳האב געזאגט, פארקויף ניט די חזירים קיין בראנפען ביז מיר זיינען ניט פארטיג מיט׳ן קבלת־פנים פאר׳ן פירשט. געזאגט צו ניין ?

ז י מ ע ל : געזאגט, געזאגט.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : נו?

ז י מ ע ל : און אז מען ברעכט דיר איין די טהיר ?

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : גאלגאנעס ! די טהיר דיר איינגעבראכען, הא ?

ז י מ ע ל : און אז מ׳האקט דיר אונטער די אויגען ?

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : הינטישע שקורעס ! דיך געשלא־גען, הא ?

ז י מ ע ל : געהאלטען דאביי. אט, אט ! נו, פרעג איך אייך, אין א טאג ווי היינט ווען מ׳גרייט זיך מקבל־פנים זיין א נייעם פירשט, זאל איך צולאזען א געשלעג ? הא ? וואס א שטייגער וואלט דער פירשט געזאגט ווען ער פאהרט פארביי זיין קרעטשמע און זעהט דארט א צובראכענע טהיר ? אדער גאר דעם קרעטשמא־מיט א צובלוטיגטער נאז ? הא ?

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : א קלוגער תירוץ, זימעלע. ניטא וואס צי זאגען. נו, איצט וועל איך שליסען די קרעטשמע.

ז י מ ע ל : אדרבה. איהר קענט.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : (ארייגגעהענדיג) מיר וועלען זיי

ניט צובלוטיגען די נאז. (אב. זיין קול פון אינוועניג) חזירים! ארויס! הינטישע פנים׳ער! ארויס! ארויס! איך זאג ארויס! (קומט ווידער ארויס און נאך איהם א גרופע פויערן אין יום־טוב׳־דיגע קליידער).

א פויער: עט, הארעלע, נעהם ניט פאר אומגוט. ניט קיין סכנה.

א צווייטער פויער: אויב א יום־טוב אין מיטען וואך, פארוואס ניט א ביסעל בראנפען?

הויף־מייסטער: ריכטיג ווי גאלד. אבער שפעטער; ניט איצט. צוערשט מקבל־פנים זיין דעם פירשט. דאס פארשטעהט איהר מיך איז ניט קיין לייכטער עסק און מ׳מוז דאביי זיין ניכטער. פארשטאנען?

פויערן: יא, יא, הערר הויף־מייסטער.

הויף־מייסטער: אט אזוי, ווי מענשען. הערט׳זשע אויס. איצט געהן מיר צו דער בריק. אזוי שנעל ווי איהר הערט די גלאקען פון קלויסטער זאלט איהר וויסען אז די קארעטע איז שוין אויף דער בריק. שטעלט׳זשע אייך אויס אזוי אז די קארעטע זאל ניט קענען ארונטער פון בריק. פארשטאנען?

פויערן: (קוקען אויף איהם פארוואונדערט).

הויף־מייסטער: איך זעה איהר פארשטעהט ניט. גוט. וועל איך אייך געבען צו פארשטעהן. איהר שטעהט אזוי איבער דער ברייט פון דער בריק, די קארעטע קומט אן און קען ניט פארביי. איך הויב אויף די האנד און איהר אלע וועט אנהויבען שרייען: „א לאנג לעבען אונזער גוטען פירשט!" פארשטאנען? גוט. הויב איך אויףביידע הענד. אהא! לויפען צו צוויי פון אייך — דו און דו — און שפאנען אויס די פערד. נאכדעם שפאנט איהר אייך איין אין די וואשקעס, נעהמט אן די דישאלם און היידא! איהר שלעפט די פירשטליכע קארעטע. פארשטאנען? ביז צום שלאס!

א פ ו י ע ר : ניט שייך. א פירשט מוז מען אנטהון כבוד. אודאי.

פ ו י ע ר ן : אודאי! אודאי!

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : און אנגעקומען אין שלאס וועט זיך ערשט אנפאנגען די אמת'ע שמחה. א הוליאנקע ביז מארגען אין דער פריה און אפשר ביז איבער־מארגען.

פ ו י ע ר ן : אווא! אפשר ביז איבער־מארגען! אווא! נו, געהען מיר, געהען מיר.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : איין מינוטקעלע, ברידערלאך. זימעל, קום נאר אהער. ווען קומען דיינע אידען?

ז י מ ע ל : ניט געזארגט, הערר הויף־מייסטער. זיי וועלען זיין אין צייט.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : געדענק'זשע. ס'זאלען מיר דא זיין די הייליגע איקאנעס אייערע און ברויט און זאלץ און דער רב. דער הייליגער מאן אייערער, מיט דער ווייסער בארד. וועט ער זאגען א ברכה אזוי ווי מיר האבען אבגערעדט? גוט. און איהר וועט אלע שטעהן דא אויפ'ן בריקעל און זעה עס זאל אויסקוקען לייטיש. פארשטאנען? גוט.

ז י מ ע ל : פארלאזט זיך נאר אויף זימלען, הערר הויף־מייסטער. דער פירשט וועט זיין צופריעדען. זייט'זשע מוחל אויף א מינוט. כ'האב אייך נאך עפעס צו פרעגען שטילערהייט.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : הא? א סוד?

ז י מ ע ל : יא, כמעט א סוד. קומט אריין אויף א מינוט אין שטוב אריין.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : אבער בלויז אויף א מינוט. ניטא קיין צייט. (ביידע אב).

א פ ו י ע ר : (מאכט א פויסט און טהוט פון איהר א זופ. געלעכטער).

א צ ו ו י י ט ע ר פ ו י ע ר : דער פויער טאר ניט;

דער פריץ מעג. (באַלעקט זיך די ליפּען ווי נאָך אַ טרונק. מעהר גע־לעכטער).

(עס הערען זיך די קלאַנגען פון אַ וואַלד־האָרן).

**אַ גרופּע פערשטער**: (אין גרינע מונדירען קומען פון דער בוימער־אַלעע. זייערע קאַפּעליושען זיינען באַציערט מיט פעדערן און אונטער די אָרעמס טראָגען זיי אַלט־מאָדישע ביקסען. איינער פון זיי האָט אַ וואַלד־האָרן אויפגעהאנגען אויף אַ שנור. צווישען זיי לייבקע קוילענברענער, אַ יונגער ריעז מיט אַ שוואַרצען, צוויי־שפּיציגען בערדעל און מיט גוטמוטהיגע לאַכענדיגע אויגען. אַ בערען־פּעלץ איז פאַרוואָרפען איבער זיין לינקען אַקסעל).

**פּויערן**: אַט, זעהט נור די וואַלד־יונגען מיט די געפּוצטע שטיוועל. גוט יום־טוב!

**פערשטער**: זאָל אייך גאָט בענשען. (באַוועגונג. צימבאַל־שפּיעלער הויבען אָן שפּיעלען און דער פערשטער מיט'ן וואַלד־האָרן בלאָזט אַ פאַנפאַר. געלעכטער).

**ערשטער פערשטער**: איז דער הויף־מייסטער דאָ פאַרבייגעגאַנגען?

**אַ פּויער**: (טהוט אַ ווייז מיט דער האַנד אויף דער קרעטשמע) אַט דאָרט, ברודערקע.

**ערשטער פערשטער**: האַ? דוכט זיך אַז ער האָט געזאָגט אַז היינט טאָר מען ניט.

**אַ צווייטער פּויער**: דו טאָרסט ניט. נו, גאָה מאָך.

**ערשטער פערשטער**: אַ דאַנק מיר. אבי איהם אָנגעזאָגט. מיר האָבען זיך אַביסעל פאַרשפּעטיגט. זעהט נור! טהוט אַ קוק ווער עס קומט אַקעגען דעם פּירשט!

**סגי־נהור'טע**: (קומט אָן פון דער רעכטער זייט וועג. זי געהט לאַנגזאַם טאַפּענדיג מיט איהר שטעקען) דוכט זיך אַז דאָ איז דאָס. אָט דאָ ערגעץ פאַרנעהמט זיך דער וועג צום פּריצישען

שלאָס. הא? יאָ. וואו׳זשע איז דאָס בריקעל? (טאַפּט מיט דעם שטעקען).

ע ר ש ט ע ר  פ ע ר ש ט ע ר: אָט דאָרט וואו די שטעהסט איז דאָס בריקעל. לאָז אַרונטער אַ פוס.

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע: אויף אַ חדוש! אַ גוטער גוי. אַ דאַנק. (טאַפּט מיט׳ן שטעקען און דערפיהלט די טיעפע פּאָסע) ניטאָ קיין גוטער גוי. (טאַפּט אַרום זיך, געפינט ניט קיין בריקעל, ווערט צוטומעלט און שרייט) זימעל! זימעל! (איהר קול ווערט דערטרונקען אין דעם געלעכטער פון פויערן).

אַ  פ ו י ע ר: וואַרט אַ מינוט, אַלטיטשקע. איך וועל דיך אַריבערפיהרען. (לאָזט זיך געהן צו איהר).

ע ר ש ט ע ר  פ ע ר ש ט ע ר: (פאַרשטעלט איהם דעם וועג) ניט דיין עסק. (געלעכטער).

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע: (שרייט) זימעל! זימעל! ער הערט ניט. אפשר בין איך פארבלאָנדזשעט געוואָרען? ניטאָ קיין איד?

ל י י ב ק ע: (וועלכער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אין הינטערגרונד פאַרטיעפט אין שמועס, דערזעהט די סצענע; לאָזט זיך געהן צו דער סגי־נהור׳טע).

ע ר ש ט ע ר  פ ע ר ש ט ע ר: (פאַרשטעלט איהם דעם וועג) וואַרט אַ מינוט, לייבקע. זאָל די אַלטע מכשפה זיך אַריינ־קאַטשען אין פּאָסע.

ל י י ב ק ע: לאָז מיך דורך. (טהוט איהם אַ נעהם אָן ביים אויבערשטען אָרעם און שטופּט איהם אָב אויף אַ זייט).

ע ר ש ט ע ר  פ ע ר ש ט ע ר: (טהוט זיך אַ כאַפּ ביים אָרעם און ברומט) אַ כאָליערא! אַ טאַפּ פון אַ בער!

ל י י ב ק ע: קומט מיט מיר, סגי־נהור׳טע. (פיהרט זי אַריבער און זעצט זי אַוועק אויף דער פּריספּע).

(גרופּע צושפּרייט זיך אַרום דער קרעטשמע).

סגי־נהור'טע: לייבקע, גאָט־זיי־דאַנק וואָס דו ביזט אַ איד.

לייבקע: אודאי אַ איד. וואָס איז שייך?

סגי־נהור'טע: ששש... ווייל גוים זיינען גזלנים. איך זאָג דיר — גזלנים!

לייבקע: (לאַכט) אַ טעות, באָבע. ניט קיין גזלנים, נור נאַראָנים. ניטאָ גאָרניט אונטער דער קוטשמע.

סגי־נהור'טע: אוי, לייבקע, שפּאָרסט זיך מיט אַן עלטער מענש. איך ווייס וואָס איך רעד. דו וועסט אויך אַמאָל וויסען. זיי'זשע מוחל און זאָג קריינדעלען אַז די סגי־נהור'טע איז דאָ.

לייבקע: (גערט צו צום אָפענעם פענסטער) קריינדעל! קום נאָר אַהער. האָסט אַ גאַסט.

קריינדעל: (דורכ'ן פענסטער) ווער איז דאָס דער גאַסט? דו?

לייבקע: נו? אפשר ניט חשוב ביי דיר, שעהן סריינ־דעלע?

קריינדעל: און אַז יאָ חשוב, וואָס'זשע דאַרפסטו מיך אַזוי נויטיג האָבען?

לייבקע: ניט ברוגז ווערען, שעהן קריינדעלע. לייבקע איז טאַקי אַ וואַלד־יונג, אַ קוילענברענער. דרך־ארץ אָבער דאַרף איהם קיינער ניט לערנען.

סגי־נהור'טע: קריינדעלע ליעבינקע, דאָס בין איך, די סגי־נהור'טע.

קריינדעל: (קומט אַרויס, לויפט צו צו דער סגי־נהור'טע) אַזאַ חשוב'ער גאַסט! און איך האָב געמיינט אַז לייבקע האָט מיך אָבגענאַרט.

סגי־נהור'טע: קריינדעלע, לייבקע נאַרט קיינעם ניט. די וועלט מיינט, לייבקע — עט, אַ וואַלד־יונג, אַ פּראָסטע

בריאה. די סגי־נהור'טע אבער זעהט מעהר ווי די זעהענדיגע. גין־גאלד, זאג איך דיר, קריינדעלע. (גלעט זי) אי, וואס פאר א גלאטינקע ווארימע בעקעלאך.

ל י י ב ק ע : הער'זשע דיך צו, שעהן קריינדעלע, און גע־דענק.

ק ר י י נ ד ע ל : (פארפארבט זיך און ענטפערט איהם מיט א פארחלומ'טען שמייכעל, צו דער סגי־נהור'טע) און איהר זענט גע־קומען צום קבלת־פנים, באבעניו?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : וואו אלע אידען זיינען, וויל איך ניט פעהלען. דו מיינסט אפשר אז איך בין געקומען אנטהון כבוד דעם נייעם פירשט? חלילה. איך בין געקומען זיין צווישען מיי־ניגע. געשטארבען איין צורר ישראל, געקומען אן אנדערער — עט, א קנאפע שמחה. (שמייכעלט) ווייסט איהר, קינדער, ווען ביי מיר איז א שמחה, אז אמת'ע שמחה? ווען איך פיהר א יונג פאר־פאלק צו דער חופה. אט, למשל, ווען איך וועל דערלעבען צו פיה־רען קריינדעלען צו — — —

ק ר י י נ ד ע ל : (שלאגט איהר איבער די רייד) באבעניו, איך מוז אריינגעהן מיך איבערטהון. ס'וועלען באלד קומען מענ־שען. קומט אריין אין הויז, באבעניו.

ל י י ב ק ע : שעהם דיך, שעהן קריינדעלע. פאלסט אריין אן עלטערן מענש אין די רייד. וואס האט איהר געוואלט זאגען, סגי־נהור'טע? „ווען איך וועל דערלעבען צו פיהרען קריינדעלען צו — — —"

ק ר י י נ ד ע ל : קומט אריין, באבעניו, איך בעט אייך. ס'איז פון איהם ניט אויסצוהאלטען.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : לייבקע, ס'איז ניט שעהן. ביזט דאך שוין קיין עין־הרע א גרויסער בחור.

ל י י ב ק ע : עט, שאט ניט. כ'האב ליעב צו זעהן ווי זי

רויטעלט זיך. איהר וואלט שוין געמעגט זעהן ווי די בעקלאך איהרע האבען זיך צופלאמט.

קריינדעל: (פארשטעלט דאס פנים מיט די הענד און צולאכט זיך) באבעניו, כ'וויל מעהר ניט ריידען צו איהם. קומט אריין אין שטוב.

(הויף־מייסטער און זימעל קומען ארויס).

הויף־מייסטער: אה, לייבקע! טייערער בחור מיינער, ביזט שוין דא? זימעל, קוק איהם נור אן אין גרינעם מונדיר. א סאסנע, זימעל, א גרינע סאסנע, אויף מיין ווארט. נו, קריינדעל, וואס זאגסטו צו מיין נייעם פערשטער? הא? געפעלט ער דיר?

קריינדעל: ניטא וואס צו געפעלען. א גרינער מונדיר.

הויף־מייסטער: אהא! דאס הייסט אז ער געפעלט דיר יא, נור ס'פאסט ניט מודה צו זיין. ריכטיג ווי גאלד. נור וואהין לויפסטו? און וואס ביזטו רויט געווארען?

קריינדעל: כ'בין ניט רויט געווארען. (אב).

זימעל: (צו לייבקען) א ווינסטער חלום צו מיינע שונאים'ס קעפ. וואס פלוצלינג דער גרינער מונדיר? פורים הייגט?

לייבקע: איך וויים? דער העדר הויף־מייסטער האט זיך פארהאקט — — —

הויף־מייסטער: נו, וואס זאגסטו, זימעל? כמעט ניט צו דערקענען אז דאס איז א איד, ווען ניט דער פרצוף זיי־נער. (צו לייבקען) פערד וואס דו ביזט! זיך נאך באדארפט צו בעטען ביי דיר. (צו זימלען) לייבקע, זאג איך איהם, לייבקע, געזונט ביזטו ווי דריי אקסען, א שיסער ביזטו איינס אין דער וועלט, מורא האסטו ניט אפילו פאר'ן מלאך־המות. דערהרג'עט א בער לעצטען ווינטער מיט דער האק, פארשטעהסט, זימעל? — אט אזוי, מיט דער האק! דעם וואלד קענסטו ווי דיינע פינף פינ־גער. דער טאטע, דער זיידע, דער עלטער־זיידע אלע געוועזן קווי־

לענברענער און אלץ אין דעמזעלבען פירשטליכען וואלד. לייבקע, זאג איך איהם, לייבקע! דער אלטער פירשט איז טויט. דער נייער איז דערוויל באלדי־שווארצע־יאהר. בין איך, הייסט עס, בעל־הבית. יא צו ניין? יא. לייבקע, זאג איך, שפרינג אריין אין מונ־דיר. ביזטו אין מונדיר איז פארפאלען! אז איך וועל זאגען דעם נייעם פירשט: אט דו זעהסט דעם בחור? דער בעסטער פערש־טער דיינער — — — איז פארפאלען. האט ער זיך נאך געברע־קעלט ביי מיר, דער פערד. לייבקע, ווען איך שעהם זיך ניט פאר מענשען, וואלט איך דיר צופאטשט דעם פרצוף דיינעם. דו הערסט? (נעהמט איהם אן פריינדליך ביי דער האנד) אווא! סא קוועטש! דער רוח זאל דיך נעהמען!

ז י מ ע ל : נושא חן געווען, לייבקע, הא? אז וואויל צו דיין טאטען.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : זימעלע, דוכט זיך אז דיר גע־פעלט ניט דער עסק? הא? לאמיך נור הערען —

ז י מ ע ל : חלילה, הערר הויף־מייסטער, פארקעהרט. אויב א י י ך געפעלט —

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : נו, לייבקע, מיר געהען. אהא! שיער ניט פארגעסען. דעם בערען־פעלץ האסטו מיטגעבראכט?

ל י י ב ק ע : געבראכט, הערר הויף־מייסטער. אט ליעגט ער דארט אויף דער באנק ביי דער ביקס.

ז י מ ע ל : וואס פאר א פעלץ? (געהט צו און הויבט אויף דעם בערען־פעלץ) וואס פלוצלינג א פעלץ?

ל י י ב ק ע : (לאבענדיג) דאס איז פון בער וואס איך האב לעצטען ווינטער דערהרג'עט. א מתנה פאר דעם נייעם פירשט.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : דאס איז מיין קאפ. איך וויל איהם צייגען וואס פאר א מין בחור דער נייער פערשטער איז. וואס זאגסטו, זימעלע?

ז י מ ע ל : א מתנה פאר א פריץ קען קיינמאל ניט שאטען. א פיינער פעלץ, ווי איך בין א איד.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : נו, לייבקע, מיר געהען. זימעלע, קום נור אהער. לייבקע, רוק זיך נור אב אן א זייט. איך האב איהם עפעס צו זאגען. הער, זימעלע, איך האב פריהער געזעהען דיין טאכטער; קיין־עין־הרע א מויד און טאקי א קראסאוויצע אויך. (שטילער) איז מיר איינגעפאלען א געדאנק! אבער א ריכטיגער געדאנק, זאג איך דיר. זעהסט דעם בחור דארט, לייבקען מיין איד. דו קוקסט איהם אן? דו וועסט אויספאהרען גאנץ וואהלין, און אפשר טאקי גאנץ גרויס־פוילען, אזא בחור אבער וועסטו ניט געפינען. איז מיר איינגעפאלען — א איד מיט א איד, א שעהנער בחור מיט א שעהנער מויד — נו, א געדאנק צו ניין?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : זימעל, זימעל! קום נור אהער. גיכער! אוי וועה איז מיר!

ז י מ ע ל : וואס איז, סגי־נהור'טע?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : קום אהער, זאג איך דיר.

ז י מ ע ל : איין מינוטקעלע, הערר הויף־מייסטער. עפעס טהוט איהר וועה. (געהט צו צו איהר).

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : נו, נו, ס'מאכט ניט. איצט מוז איך געהן. מיר'ן ריידען אן אנדערש מאל וועגען דעם. (אב צו דער גרופע ארום בריקעל).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : וואס ער האט געזאגט זאל זיין גע־בילט; וואס ער האט געקלעהרט זאל אריין אין דער ערד.

ז י מ ע ל : וואס זענט איהר זיך אזוי מרגז, סגי־נהור'טע?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : וואס איך בין זיך מרגז? הא? א גוי א שדכן פאר דיין קריינדעלע? ס'קען איהר חלילה שאטען צום מזל. (שפייט אוים דריי מאל).

ז י מ ע ל : ס'איז פארט ניט קיין קרומער איינפאל.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : ווער האט דיר געזאגט אז ס'איז

א קרומער איינפאל? דוקא האב איך אליין בדעה געהאט צו ריידען דעם שידוך. נור איך וויל ניט האבען קיין גוים אין דערמיט. דו הערסט?

ז י מ ע ל : נו, זייט אייך ניט מרגז. אט איז ער שוין דארט פארנומען מיט זיינע גוים. ער האט שוין מסתם פאר־געסען.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : געלויבט איז דער וואס לעבט אייביג, אויף שדוכים רעדען איז נאך דא די סגי־נהור'טע. א דאנק השם יתברך, איך האלט שוין ביי פיער־און־דרייסיג.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : (פון יענער זייט בריקעל) לייבקע! וואס האסטו דיך דארט פארחלומ'ט? ניטא קיין צייט. מיר געהען.

ל י י ב ק ע : (וואס איז געשטאנען די גאנצע צייט א פאר־טראכטער ביים פענסטער, נעהמט ביקס און בערען־פעלץ) אט קום איך, הערר הויף־מייסטער. (לאזט זיך געהן).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : וואוהין געהט ער?

ז י מ ע ל : לייבקע, וואוהין געהסטו?

ל י י ב ק ע : (פון בריקעל) וואס הייסט? מיט די אנדערע פערשטער.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : (אן אויפגערעגטע) ס'קומען באלד אלע אידען אהער. וואוהין געהסט דו, לייבקע?

ל י י ב ק ע : הא?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : (קלאפט מיט'ן שטעקען) ס'קומען באלד אלע אידען אהער. מ'ברענגט צופיהרען די רייניגקייט. פאר־שטעהסט?

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : וואס, צום שווארצען יאהר, איז דארטען? לייבקע!!

ל י י ב ק ע : הערר הויף־מייסטער, איך בלייב דא.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : הא?

ל י י ב ק ע: אלע אידען קומען אהער, בלייב איך דא.

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר: (געהט צו צו איהם) דו, א פירשט־ליבער פערשטער, אין א גרינעם מונדיר, צווישען קליינע אידעלאך מיט שווארצע קאפטאנעס? דער פירשט וועט זיך האלטען ביי די זייטען.

ל י י ב ק ע: זאל ער לאכען געזונטערהייט. אויב איך וועל געהן מיט אייך וועט אט די אלטע אידענע דא וויינען.

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר: דער רוח קען פארשטעהן וואס דו רעדסט.

ל י י ב ק ע: זייט ניט בייז, הערר הויף־מייסטער.

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר: כאפט דיך א דריי־יעהריגער קדחת. ווילסט בלייבען דא, בלייב. חברה, מארשירט.

(הויף־מייסטער, פויערן, האדעמאקעס, פערשטער אב. צימבאל־שפיעל).

ס ג י - נ ה ו ר 'ט ע: לייבקע, דער גוי וועט דיר חלילה ניט אנטהון קיין צרות?

ל י י ב ק ע: ניט קיין סכנה, סגי־נהור'טע. כ'וועל שוין מיט איהם ווי אזוי ס'איז דורכקומען.

ז י מ ע ל: א דאגה איהם! ער איז מיט איהם א גאנצער פאני־בראט.

ל י י ב ק ע: פאני־בראט צו ניט פאני־בראט, מיט א גוי קען איך שוין ווי אזוי ס'איז אויסקומען. א גוי דיפעט אויף זיין קולאק. נו, גאט־זיי־דאנק, האב איך אויך א קולאק. ביי מיר וועט ער שוין קיין חזיר ניט ווערען. זעהט איהר, מיט אייך, רבי זימעל, איז שוין ניט אזוי לייכט.

ז י מ ע ל: הא? איך געפעל דיר ניט אזוי גוט ווי דיינע גוים? געהערט?

ל י י ב ק ע: נעהמט ניט פאר אומגוט. איך מיין ניט

דוקא אייך, רבי זימעל. איך מיין ביי אייך, ביי אידען. עפעס ווער איך א צוטומעלטער.

ז י מ ע ל : וואס פאר א לשון איז דאס? ביי אייך! וואס איז? די ביזט ניט קיין איד?

ל י י ב ק ע : חלילה, ניט דאס האב איך געמיינט. נור צווישען אידען ווייס איך ניט אזוי ווי איין ווי אוים. עפעס אלץ וואס מען זאגט, דוכט זיך, קומט פון ערגעץ אויבען, פון אימיצען אנדערש וואס קיינער זעהט ניט. דאס טהו און דאס טהו ניט. דאס איז שעהן און דאס איז ניט. און אז דו פאלגסט ניט, נו פאלגסטו ניט. קיינער סטראשעט ניט מיט'ן קולאק. שוין אימי־צער, אמאל, שפעטער, ערגעץ אנדערש, באצאהלען פאר דעם. גע־גען דעם העלפט ניט קיין קולאק.

ז י מ ע ל : הער, הער, ווי ער האט זיך עס צולאזט. דוכט זיך, גאר קיינמאל קיין לשון ניט געהאט. הער'זשע אוים, בחור מיינער. אין דיינע יאהרען האלט מען דאס מויל פארמאכט. פאר־שטעהסט? דו ליעגסט צופיעל אין וואלד, א בראך צו דיין קאפ. צופיעל צווישען די שקצים. פארשטעהסט? צווישען אידען דארפ־סטו זיין, וועט פון דיר ווערען א מענש. צווישען אידען!

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : וואס'זשע בייזערסטו דיך, זימעל? אדרבה, פארבעט אמאל אויף שבת. נעהם איהם מיט הערען משולם מגיד.

ז י מ ע ל : אויך גערעכט. נו, בחור, וואס זאגסטו? קומען?

ל י י ב ק ע : קומען און א שעהנעם דאנק.

(עס הערען זיך שטימען פון וועג רעכטס).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : טהו נור א קוק, זימעל. דוכט זיך אז זיי קומען שוין מיט דער רייניגקייט.

ז י מ ע ל : (געהט צו צום בריקעל) יא, אט זיינען זיי. (געהט אקעגען רעכטס).

(אידען, ווייבער, בחורים, מיידלאך, קינדער קומען אן פון וועג

רעבּעס. צווישען זיי דער רב, אַ גרייז־גראָהער מיט אַ פּאָר פאַרחלומ'טע טרויעריגע אויגען. נעבען איהם דער לאַנגער שמש, אַ הויכער איד מיט אַ בייז פּנים. ער טראָגט אַ ספר־תורת איינגעהילט אין אַ טלית. אינג־לאַך טראָגען זילבערנע כתר־תורה'ס און אַנדערע כלי־קודש. אַ בחור שלעפּט אַ צונויפגעוויקעלטע חופּה אונטער דעם אָרעם. די פּנימ'ער זיינען צעוואָרימט פון גאַנג. געדרענג און געטומעל).

ערשטער איד: (אַ צוהיצטער) פאַרשפּעטיגט!!

שטימען: האַ? וואָס? פאַרשפּעטיגט? יאָ? שוין דורכגעפאָהרען?

צווייטער איד: אַ שעהן פּנים וועלען מיר האָבען.

דריטער איד: אידען האָבען שוין אַזאַ מזל.

אַ בחור: וויים איך וואָס? ס'איז נאָך קיינער ניטאָ.

ערשטער איד: ס'איז שוין קיינער ניטאָ. פאַרשפּעטיגט! פאַרשפּעטיגט!!

שטימען: פאַרשפּעטיגט! ניט פאַרשפּעטיגט! וואָס? יאָ! ניין, זאָג איך דיר. פאַרשפּעטיגט! ניט פאַרשפּעטיגט! (טומעל, געדרענג).

דער לאַנגער שמש: דרך־ארץ! זאָל זיין שטיל!

שטימען: וואָס שרייט ער? וואָס זאָגט ער? פאַר־שפּעטיגט? (און אַזוי ווייטער. טומעל).

דער לאַנגער שמש: הערט אויף ליאַרמען. דער רבי הייסט שטיל זיין. דרך־ארץ!

שטימען: שאַ! שאַ! זאָל זיין שטיל! (עס ווערט שטיל).

דער רב: זימעל, מיר האָבען זיך חלילה ניט פאַר־שפּעטיגט, האַ?

זימעל: חלילה. געקומען אין צייט, רבי לעבען.

דער רב: געלויבט השם יתברך פאַר דעם. איך בין בטבע אַ לאַנגזאַמער געהער. שוין ניט קיין יונגערמאַן. נו, אָבי

אידען זיינען דורך מיר ניט נכשל געווארען. וואו וועלען מיר באַ־
געגנען די שררה?

ז י מ ע ל : אט דא, טאקי פאר דער קרעטשמע. כ'האב אָב־
גערעדט מיט דעם הויף־מייסטער אז די קארעטע זאָל זיך אָב־
שטעלען אַט דאָ ביים בריקעל.

(מען האָט דערווייל אויפגעשטעלט די חופה ביים בריקעל, ארונ־
טערגענומען דעם טלית פון ספר־תורה און באַהאַנגען מיט כלי־קודש.
באַוועגונג, געדרענג, טומעל).

ד ע ר ר ב : (נעהמט דאָס ספר־תורה און געהט אַרונטער אונ־
טער דער חופה; זיפצט) נו, רבונו של עולם, פון דיין כבוד וועגען.
(געדרענג ארום איהם ווערט גרעסער).

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : (שרייט) הערט אייך אויף
שטופען. טרעט אָב! טרעט אָב!

ע ר ש ט ע ר א י ד : גיט אכטונג! דער רבי איז אַלט
און דאָס ספר איז שווער!

צ ו ו י י ט ע ר א י ד : וועה איז מיר! חלילה וחלילה —
אַ גאַנץ יאָהר פאַסטען.

ד ר י ט ע ר א י ד : זאָל אימיצער דערווייל צונעהמען
דאָס ספר! ביז די קארעטע וועט אַנקומען.

ל י י ב ק ע : (וואַקסט פּלוצלינג אויס נעבען רב; צו די אַרו־
מיגע) רוקט אייך אָב. גיכער! אויף וואס ווארט איהר? אַהער,
אַהער, הינטער דעם בריקעל. אנו! (שטופּט זיי אָב אויכעם נאָכ'ן
צווייטען און מאַכט פריי דעם פּלאַץ אַרום דעם רב) איצט, רבי, גיט
מיר האַלטען דאָס ספר־תורה. (בויגט זיך אָן און וויל נעהמען דאָס
ספר).

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : (רייסט זיך אַריין צווישען
איהם און דעם רב. ער שטופּט לייבקען אָב מיט ביידע הענד) אַוועק דו!
ניט וואַגען זאָלסטו אַנריהרען דאָס ספר מיט דיינע גראָבע ידים.
שייגאַץ איינער!

ל י י ב ק ע : (אָנפּאַנג איבעראַשט; דאַן נעהמט ער אָן דעם לאַנגען שמש ביי די פּלייצעס און שטופּט איהם אָב אָן א זייט; צום רב) רבי, פאַרוואָס טאָר איך ניט האַלטען דאָס ספר־תורה?

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : (אין גרויס כעס) אזא שייגעץ! אזא כפול־שמונה׳דיגער גוי׳עץ!

ש ט י מ ע ן : געזעהן א חוצפּה! אזא איוואַן! געה, ברעז קוילען! געה, טאַנץ מיט שיקסעס! (טומעל).

ד ע ר ר ב : שטיל זאָל זיין! איהר זענט מבייש א אידיש קינד. שפיכות דמים! (עס ווערט שטיל). איך האָב דיך ניט דערקענט, יונגערמאַן, צוליעב דיינע מאָדנע מלבושים. דו ביזט, דוכט זיך, נפתלי קוילענברענער׳ס זוהן. הא? לייבקע הייסט דו. יאָ, יאָ, לייבקע. נור ווי קומט עס וואָס דו געהסט אין אזוינע מאָדנע מלבושים? אידען געהן אנגעטהון ווי אידען.

ל י י ב ק ע : אין בין א פערשטער, רבי. דער הויף־מייסטער האָט זיך איינגעשפּאַרט איך זאָל אָנטהון דעם פירשטליכען מונדיר. וואָס איז דער חלוק, רבי?

ד ע ר ר ב : הא? קיין גרויסע סכנה איז דאָס ניט, אַבי מ׳איז א איד. שאַט ניט, לייבקע. איך בין זיכער, אז דו לעגסט אַלע טאָג תפלין. הא?

ל י י ב ק ע : יאָ, רבי.

ד ע ר ר ב : און דו ביזט נזהר אין מאכלות אסורות און דו ביזט חלילה ניט מחלל שבת. הא, לייבקע? נו, נאַ׳זשע דיר דאָס ספר־תורה ביז די שררה וועט אָנקומען. דערנאָך וועסטו מיר דאָס ספר צוריקגעבען. הא?

ל י י ב ק ע : יאָ, רבי. (נעהמט דאָס ספר, דריקט עס צו זיין האַרץ און קושט עס לאַנג).

ד ע ר ר ב : (צו די אַרומיגע) געזעהן, הא? (מיט א ליכטיגען שמייכעל) א ניצוץ פון א צדיק. איך דערפיהל באַלד.

(עס הערט זיך פון דערווייטענס, לינקס, דאָס קלינגען פון קלויסטער־גלאָקען און הורא־געשרייען).

זימעל: די קאַרעטע איז שוין אַריבער די בריק. אָט באַלד זיינען זיי דאָ. (באַוועגונג).

ערשטער בחור: זעה, זיי שפּאַנען אויס די פערד.

צווייטער בחור: און זיי שלעפּען דעם וואָגען.

דער רב: ברענגט ברויט און זאַלץ.

זימעל: קריינדעלע! ברענג ברויט און זאַלץ.

קריינדעלע: (קומט אַרויס אין יום־טוב'דיגע קליידער, מיט ברויט און זאַלץ אויף אַ בלאַנקענדיגער מעשענער טאַץ).

זימעל: גיב אַהער. (נעהמט ביי איהר צו די טאַץ).

קריינדעלע: לאָמיך דאָ שטעהן מיט דער טאַץ, טאַטע.

סגי־נהור'טע: קריינדעלע, קום נור אַהער! שנעלער!

קריינדעלע: (געהט צו צו איהר) וואָס איז, באָבעניו?

סגי־נהור'טע: גאָרניט איז. נור ס'איז גלייכער זאָלסט אַריינגעהן אין שטוב אַריין און קוקען דורכ'ן פענסטער.

קריינדעלע: פאַרוואָס, באָבעניו?

סגי־נהור'טע: פאַרוואָס? פאַרדאָס. פאַר אַ גוט־אויג. געה אַריין, קריינדעלע.

קריינדעלע: איהר ווייסט מסתם בעסער. (געהט אַריין און שטעלט זיך ביים פענסטער).

(גלאָקען־קלאַנג, טומעל. הורא־געשרייען ווערען נאָהענטער. פראַצעסיע קומט אָן פון לינקס. די פירשטליכע קאַרעטע געשלעפּט פון זעקס פויערן. אויבענאָן אין דער קאַרעטע דער פירשט, אַ מאַן אין די זעכציגער. זיין פּנים טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון צולאָזענקייט און זיין האַלטונג צייגט די נאַאיווע גראַנדיאָזיטעט פון אַ דעספּאָטישען טפּש. נעבען איהם זיצט זיין טאָכטער, די פירשטין עלענאָ — יונג, עלעגאַנט, מיט אַ פּאָר שאַרפע, גרויע אויגען. אויף דעם געגענזיץ, דער הויף־

מייסטער. אויף דער קעלניע אַ קוטשער און אַ לאַקײ אַנגעטהון אין פּירשטליכען ליווּרעע).

הויף־מייסטער: (קאָמאַנדעווּעט) האַלט! שטעלט אייך אַב ביים בריקעל! (פּראָצעסיע שטעלט זיך אָב) אָט זיינען דיינע אידען, גנעדיגער פּירשט. זיי זיינען געקומען כדי — — —

פּירשט: (לאָזט איהם ניט ענדיגען) איך זעה אַז זיי זיי־נען געקומען און איך וויים נאָך וואָס זיי זיינען געקומען. הייס צוקומען נאָהענטער.

הויף־מייסטער: (קאָמאַנדעווּעט) זימעל, הייס צוקומען נאָהענטער. (פּראָצעסיע פון אידען זעצט זיך אין באַוועגונג).

פּירשט: ווער איז דער אַלטער מאַן דאָרטען? זייער רב?

הויף־מייסטער: יאָ, גנעדיגער פּירשט, זייער רב. ער איז געקומען מיט דעם הייליגען איקאָן.

פּירשט: (לאַכט) כאַ, כאַ, כאַ! אידען האָבען ניט קיין איקאָנעס. דאָס איז מסתם די הייליגע שריפט זייערע, געשריעבען אויף פּאַרמעט.

הויף־מייסטער: דער גנעדיגער פּירשט וויים אַלצדינג. יאָ, יאָ, די הייליגע שריפט.

פּירשט: (צום רב) אָה, דו ביזט עס דער רב פון די אידען דאָ אין מיין שטאָדט. נו, וואָס האַסטו צו זאָגען?

שטימען: (טשעפּשענדיג) רבי, ער פרעגט וואָס איהר האָט צו זאָגען?

דער רב: (אַ בלייכער) כ'האָב גאָרניט צו זאָגען. (נעהמט דאָס ספר־תורה פון לייבקען, הויבט עס אויף) ברוך אתה אדוני אלהינו מלך העולם שנתן מכבודו לבשר ודם.

פּירשט: וואָס זאָגט ער?

זימעל: מיט פערלויבניש, גנעדיגער פּירשט. ער האָט אייך געבענשט.

פ י ר ש ט : געבענשט? זעהר שעהן. אייער גאט איז דאך דער באטער פון אלעמען. מעג איך א קוש טהון אייער הייליגע שריפט?

(אלע קוקען פארוואונדערט אויף דעם אלטען רב).

ד ע ר ר ב : ער מעג.

ז י מ ע ל : דער רב זאגט אז עס וועט אונז זיין א גרויסער כבוד, גנעדיגער פירשט.

פ י ר ש ט : (געהט ארונטער פון קארעטע און קושט דאס ספר).

ש ט י מ ע ן : ער געהט ארונטער! זעהט נור! געקושט צוויי מאל! א מלך חסד! געלויבט השם יתברך! (באוועגונג).

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר : (הויבט אויף די האנד און ביידע גרופען ברעכען אויס אין א הילכיגען געשריי: „לאנג לעבען! גוטער פירשט! הורא! לאנג לעבען!").

פ י ר ש ט : (צום רב) זאג דיינע אידען אז איך וועל זיין גוט צו זיי. איך האף זיי וועלען זיין געטריי צו מיר און צו מיין הויז־געזינד.

ז י מ ע ל : אט, גנעדיגער פירשט, גיבען מיר דיר ברויט און זאלץ — — —

פ י ר ש ט : אה, יא, ברויט און זאלץ. (נעהמט א שטיקעל ברויט, טונקט איין אין זאלץ און קייט).

ז י מ ע ל : — — — ברויט און זאלץ, ווייל מיר, אלע דיינע אידען, זיינען — — —

פ י ר ש ט : (הערט איהם במעט ניט אויס) יא, יא, געשמאקע ברויט.

ז י מ ע ל : — — — זיינען געטריי און געהארכזאם און איבערגעבען צו — — —

פ י ר ש ט : יא, אודאי, געטריי און איבערגע־יעו. עלענא, אנו פארזוך נור א שטיקעל ברויט. געשמאק ברויט, זעהר גע־שמאק! (לאכט און דער עולם לאכט מיט דרך־ארץ'דיג).

זימעל: — — — צו דיר און דיין הויזגעזינד.

פירשט: נו, איך פארשטעה. נור ווער ביזט דו?

הויף־מייסטער: זימעל, דער שענקער. אַט די קרעטשמע דאַ האַלט ער אין פאַכט. א קלוגער איד. לעבט גוט מיט די פויערן. צאָהלט די ראטען ווען עס קלאַפּט דער זייגער. יאַ, גנעדיגער פירשט.

פירשט: (געהט צוריק צו דער קאַרעטע) גוט, גוט. וועט ער ווייטער זיין קרעטשמאַר. (צו זימעלען) יאַ, און שיק אַלע וואָך זעקס פון דיינע געשמאַקע ברויטען. און אַז אידען וועלען עפּעס דארפען, קום דו אין הויף אריין. דו פאַרשטעהסט מיין שפּראַד. (צום הויף־מייסטער) געפאַהרען.

עלענאַ: (בויגט זיך צו און זאָגט איהם עפּעס שטיל אין אויער אַריין).

פירשט: אויף מיין וואָרט, דו ביזט גערעכט. דו, הויף־מייסטער, ווער איז דאָס געוועזן דער הויכער בחור אין פערשטער מונדיר? דער וואָס האָט געטראָגען די הייליגע שריפט נעבען דעם רב? א איד, האַ?

הויף־מייסטער: יאַ, גנעדיגער פירשט. (רופט) לייבקע! (צום פירשט) דער בעסטער פערשטער אין פירשטליכען וואַלד. ביי מיין נשמה! (רופט) לייבקע!

פירשט: אי, א שפּאַס! דער בעסטער פערשטער א איד! (לאַכט) כאַ, כאַ כאַ!

לייבקע: (וועלכער האָט זיך אָבגערוקט אָן אַ זייט נאָכדעם ווי ער האָט דעם רב צוריקגעגעבען דאָס ספר־תורה, קומט צו מיט דער ביקס אונטער'ן אָרעם און דעם בערען־פּעלץ אויף דעם אַקסעל. ביי דער קאַרעטע ציהט ער זיך אוים שטייף אין זיין פולער הויך, טהוט א קלאַפּ צונויף די קנאַפּעל און סאַלוטירט).

פירשט: אַהאַ! ער קען סאַלוטירען. דו הייסט — — — —

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : (העלפט אוים) לייבקע קוילענ־ברענער.

פ י ר ש ט : לייבקע. אזוי, דו הייסט לייבקע. ביזט א איד און ביזט א פערשטער. ווי אזוי איז דאס עפעס?

ל י י ב ק ע : כ׳ביז אויפגעוואקסען אין וואלד, גנעדיגער פירשט.

פ י ר ש ט : (צולאכט זיך) פארבלאנדזשעט געווארען וועז דו ביזט געוועזן א קליינינקער? כא, כא, כא!

ל י י ב ק ע : געבוירען געווארען אין וואלד. מיין טאטע איז געוועזן א קוילענברענער און מיין זיידע און מיין עלטער־זיידע. אלע געלעבט אין וואלד.

פ י ר ש ט : אין וועמעס וואלד?

ל י י ב ק ע : אין פירשטליכען וואלד. פינף מייל פון דאנען.

פ י ר ש ט : איך זעה דו טראגסט א ביקס. קענסט שיסען?

ל י י ב ק ע : איך קען.

פ י ר ש ט : גוטער ציעלער?

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : אווא! א פליהענדיגע ווילדע גאנז אין קעפעל אדער אין בייכעל. ווי אזוי מען בעט איהם.

פ י ר ש ט : א מאדנער אידישער בחור׳על! האסט ניט קיין מורא אין וואלד?

ל י י ב ק ע : איך וויים ניט וואס דאס מיינט מורא האבען ווען איך בין אין וואלד.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : לעצטען ווינטער האט ער בא־געגענט א בער, אזוי אומגערעכטערהייט, און ער האט איהם צו־רעכט געמאכט מיט א האק! זאל מיר גאט אזוי — — — —

פ י ר ש ט : אמת, לייבקע?

ל י י ב ק ע : אט איז די פעל זיינע.

פ י ר ש ט : וואונדערבאר! וואו איהם דערלאנגט? איבער׳ן קאפ?

ל י י ב ק ע: ערגעץ אנדערש וואלט ניט געטויגט.

פ י ר ש ט: אהא! זעהר גוט! זעהר גוט! אויף מייןווארט, גערעכט. ערגעץ אנדערש וואלט געוועזן גארניט געטויגט! (לאכט) כא, כא, כא! אינטערעסאנט!

ע ל ע נ א: (ריהרט אָן די פעל און גלעט זי) וואס פאר שעה־נע, טיעפע האר.

ל י י ב ק ע: (לעגט אוועק די פעל איהר צופיסענס).

ע ל ע נ א: וואס איז דאס? פאר מיר?

ל י י ב ק ע: אים ווינטער ווען די פאדלאגע איז קאלט — אין אייער שלאפצימער — גנעדיגע פירשטין. איך וועל מיך שעצען —

פ י ר ש ט: עלענא, דאס איז עלעגאנט. אהא! זעהר עלעגאנט!

ע ל ע נ א: זעהר. איך בין זעהר דאנקבאר.

פ י ר ש ט: אה, אזא בחור ביזטו? גוט! זעהר גוט! פון דיר קען נאך ווערען א לייט. שלעפ נור ארונטער אט דעם פלא־קען פון דער קעלניע און קריך ארויף. דו פאהרסט אין הויף אריין מיט מיר. (באוועגונג, שושקעריי).

ל י י ב ק ע: גנעדיגער פירשט, אין וואלד האב איך א קוילענברענעריי און — — —

פ י ר ש ט: (לאכט) וועלען מיר הערען שפעטער. נו? וואס ווארטסטו?

ל י י ב ק ע: (טהוט א פאַק דעם לאַקאַי ביים אָרעם און יענער פליהט אַרונטער פון קעלניע).

פ י ר ש ט: אט אזוי! שפרינג אַרויף.

ע ל ע נ א: (צולאַכט זיך אויפ'ן קול).

ל י י ב ק ע: (קריכט אַרויף אויף דער קעלניע).

פ י ר ש ט: געפאהרען!

(קאַרעטע הויבט זיך אָן באַוועגען אין ריכטונג פון בוימער־אַלעע צום שלאָס).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : וואוהין נעהמט מען לייבקען? אידען, ווער איז מיר, זאָגט! וואָס וויל מען פון לייבקען? אין שלאָס אריין? וואָס דאַרפען זיי איהם אין שלאָס אין זייערען? לייבקע! לייבקע!

ד ע ר ר ב : זאָגט איהר זי זאָל שטיל זיין. ווער קען וויסען נאָך וואָס מען דאַרף איהם אין שלאָס? איין זאך ווייס איך. ער איז א וואוילער יונגערמאַן. גאָט וועט איהם אָבהיטען ער זאָל חלילה ניט נכשל ווערען.

א י ד ע ן : ששששאַ! ששששאַ!

(פאָרהאַנג)

## צווייטער אַקט

(די „דריט־שטוב“ אין זימעלס קרעטשמע. אין הינ־טער־גרונד, רעכטע זייט, אַ טהיר וואָס פיהרט צום פאָר־הויז. אַ צווייטע טהיר אין דער לינקער וואַנד פיהרט צו דער שענק־שטוב. צוויי פענסטער אין דער רעכטער וואַנד. אין אַ ווינקעל אַ גרויסע, פיער־עקיגע הרובע. בעל־הבית'ישע איינריכטונג. — שבת פאַר נאַכט. די ביהנע איז טונקעל).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : (זיצט ביי דער הרובע) „— — — — דער הייליגער שבת קודש געהט אַוועק און די נייע וואָך זאָל קומען צו מזל, צו געזונד — — —“. קריינדעלע, פאַרוואָס זאָגסטו ניט „גאָט פון אברהם“?

ק ר י י נ ד ע ל : איך זאָג, באַבעניו.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : איך הער דיך ניט זאָגען, קריינדעלע. פאַרוואָס זאָגסטו ניט הויך?

ק ר י י נ ד ע ל : (שווייגט).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : פאַרוואָס ענטפערסטו ניט?

ק ר י י נ ד ע ל : איך ווייס ניט, באַבעניו. איך האָב מורא פאַר מיין אייגען קול. קוים רעד איך אַרויס אַ וואָרט, וויל זיך מיר אַרויסשיסען אין אַ געוויין.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : נו, נאַרעלע! וויינט מען. אידישע קינדער שעהמען זיך ניט צו וויינען. אידישע נשמות ווערען גע־לייטערט אין טרעהרען. ס'ווערט שפּעט, קינד מיינס. פאַרגעס'זשע ליבקען אויף אַ מינוט און זאָג „גאָט פון אברהם“.

ק ר י י נ ד ע ל : (געהט צו צום פענסטער) שוין דאָ שטערן.

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע און ק ר י י נ ד ע ל : „גאָט פון אברהם פון יצחק פון יעקב און פון אבות אבותינו. דער הייליגער שבת קודש געהט איצט אוועק, און די נייע וואָך זאָל קומען צו מזל, צו ברכה, צו געזונד — — — (און אַזוי ווייטער).

ז י מ ע ל : (קומט אַריין פון פאַרהויז) גוטע וואָך, גוט יאָהר. וואָס איז דאָס ? ביי אייך איז נאָך פינסטער ! שוין לאַנג אבגע־דאַווענט מעריב אין בית־מדרש.

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע : מיר האָבען זיך אביסעל פאַר־שמועסט, איך און קריינדעלע. עט, שאַט ניט. די וואָכענטעג זיי־נען לאַנג און די שבתים זיינען קורץ. ניט קיין סכנה אז מען פאַר־ציהט דעם שבת אביסעל לענגער. שאַט ניט.

ז י מ ע ל : גערעכט, גערעכט, סגי־נהור׳טע. אין דער פינסטער פאַרדאָס דאַרף מען ניט זיצען.

ק ר י י נ ד ע ל : אַט וועל איך אנצינדען דעם לאָמפּ. (אָב אין שענק־שטוב).

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע : נו, זימעל ?

ז י מ ע ל : נו, גאָרניט.

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע : זימעל, איך בעט דיך, פאַרשטעל דיך ניט פאַר קיין גזלן. גאָרניט, ענטפערסטו מיר, גאָרניט, ווען דו ווייסט אז דעם קינד געהט אוים דאָס חיות. אָט קומט זי צוריק אַריין. וואָס ועסטו איהר זאָגען, וואָס ?

ז י מ ע ל : וואָס זאָל איך איהר זאָגען ? און וואָס ליאַרעמט מען אַזוי ? לייבקע איז ניט געקומען אויף שבת. איז וואָס ? אפשר האָט ער ניט געוואָלט ; אפשר האָט ער ניט געקענט. נו ? ס׳קעהרט זיך א וועלט.

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע : צעהן שבתים ניט פאַרפעהלט — פון די תנאים אַן. שייך צו זאָגען ער האָט ניט געוואָלט ! איך קען לייבקען בעסער ווי דו. ער וואַרט אויף דעם שבת ווי א צדיק אויף משיח׳ן. יאָ, ניט געוואָלט !

ז י מ ע ל : נו, האט ער ניט געקענט.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : ניט געקענט! ניט געקענט! אט פארדעם טאקי האט דאס קינד געהאט אזא פארשטערטען שבת. איהר הארץ ציטערט.

ז י מ ע ל : נו, מיר איז אויך ניט געווען אזוי אגיל־וּאשמח'־דיג אויף דער נשמה. זיך שוין פשוט צוגעוואוינט צו דעם בחור. געהן אינאיינעם אין בית־המדרש אריין, שבת ביים טיש — — — וואס איז שייך? שוין כמעט אן אייגען קינד. נו, כאטש געה רייס קברים. ניטא, ניטא.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : האסט דאך געזאגט ועסט צוגעהן אין שלאס געוואהר ווערען?

ז י מ ע ל : נו, בין איך געגאנגען. קום צו צום טויער, דער היידעמאק לאזט ניט אריין. מאך איך זיך תמ'עוואטע און פרעג: וואס טהוט עפעס לייבקע? דער היידעמאק פלאנטערט מיט דער צונג, נור וואס ווייס איך ניט. הכלל, אהער־אהין — איך בין דערגאנגען אז די פירשטין עלענא האט געגעבען א באפעהל.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : א באפעהל אויף וואס?

ז י מ ע ל : א באפעהל צו האלטען דאס מויל און ניט אריבערצולאזען די שוועל.

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : ביזטו אוועק, חייסט עס, מיט לייר דיגע הענד?

ז י מ ע ל : יא, אוועק מיט ליידיגע הענד ווייל איך בין געקומען מיט ליידיגע הענד. שבת־קודש קען איך מיט א גוי גאר־ניט מאכען און דאצו נאך מיט א פירשטליכען היידעמאק. נור מילא, מארגען איז אויך א טאג.

ק ר י י נ ד ע ל : (קומט צוריק מיט א ברענענדיגען לאמפ; ביחנע ווערט ליבטיג).

ז י מ ע ל : צייט צו מאכען הבדלה און אריינקריכען אין וואכעדיגען קאזשוד. אנו, קריינדעל.

ק ר י י נ ד ע ל : (נעהמט ארויס פון שאפקעלע א פלאש מיט וויין, א זילבערנעם בעכער, א הדס'ל און אן הבדלה־ליכט געפלאכטען פון וואקס).

ז י מ ע ל : טאכטער מיינע, טהו שוין אויס דאס תשעה־באב'דיגע פנים. דו הערסט? מארגען, אם־ירצה־השם, וועל איך זיך אריבערכאפען אויסגעפינען וואס עס האט אזוינס פאסירט מיט דעם טייערען חתן דיינעם. מסתם זיך עפעס אנגעברוגז'ט. אזא לאבוס איינער.

ק ר י י נ ד ע ל : א דאנק וואס דו רעדסט מיר אוים.

ז י מ ע ל : ועסט מיר דאנקען פורים. דערווייל צינד אן די הבדלה. (גיסט אן וויין אין בעכער).

ק ר י י נ ד ע ל : (טראכט א מינוט; דאן מיט אנשטרענגונג) מיר האט זיך געדוכט אז דו ביזט נאך היינט בייטאג געגאנגען אין שלאם.

ז י מ ע ל : (צעטומעלט) דיר האט זיך געדוכט? נו, גע־לאזט געהן האב איך זיך טאקי, נור איך האב זיך מיישב געווען. כ'האב פיינט אז די פירשטליכע חזירים זאלען מיך זעהן אין שטריימעל. נו, צינד שוין אן די הבדלה.

ק ר י י נ ד ע ל : (צינדט אן די הבדלה).

ז י מ ע ל : „הנה אל ישועתי — אבטח ולא אפחד — כי עזי וזמרת יה — ויהי לי לישועה — ושאבתם מים בששון ממעיני הישועה — לאדוני הישועה — על עמך ברכתך סלה — אדוני צבאות עמנו — משגב לנו — — —".

ל י י ב ק ע : (עפענט שטיל די טהיר פון פארהויז, קומט אריין און בלייבט שטעהן ביי דער טהיר, אונבאמערקט פון זימלען און קריינדלען. זיין פנים איז בלייך, זיינע קליידער זיינען מאטשיג און אויסגעשמירט. די אויגען האבען אן אונהיימליכען, ווילדען גלאנץ).

ז י מ ע ל : „— — — אלהי יעקב סלה — אדוני צבאות — — —"

סגי־נהור׳טע: (פון איהר ווינקעל ביי דער תרובע) לייבקע!

קריינדעל: (דערזעהט איהם און טהוט א קוויטש) טאטע!

זימעל: (שטעהט שטיל א סעקונדע; דאן) נו, נו! מפסיק. „— — — אדוני צבאות עמנו — משגב לנו — אלהי יעקב סלה — — —" (אלע שווייגען און בלייבען אין דערזעלבער פאזיציע ביז זימעל ענדיגט די תבדלה) גוטע וואך!

סגי־נהור׳טע: וואס איז געשעהן, לייבקע?

זימעל: קוק איהם אן. בלייך ווי די וואנד. וואס איז? באגעגענט א ניט־גוטען?

לייבקע: (אטהעמט שווער און הויבט אן אויסגלייכען זיין צוקנייטשטען ראק).

קריינדעל: (אין שרעק) טאטע, זעה! זיינע הענד זיינען צובלוטיגט. גאט מיינער!

לייבקע: שרעק דיך ניט. ס'איז אייגען בלוט. מיינס.

זימעל: וואס איז געשעהן? רעד ווערטער.

לייבקע: זיך ארונטערגעלאזט פון דריטען גורען מיט א שטריק. דורכ'ן פענסטער. ניט קיין שכל געהאט זיך ארומצור בינדען די הענד מיט עפעס א שמאטע.

זימעל: קלאהר ווי דער טאג. וואס האסטו געטהון אויף דעם דריטען גורען? און פארוואס ביזטו ניט ארונטערגעגאנגען מיט די טרעפ? רעד! נו!

לייבקע: (טשוכעט זיך אויס) ס'איז א לאנגס און א ברייטס, רבי זימעל. מיינע הענד שמארצען.

סגי־נהור׳טע: קריינדעלע, ברענג נור אריין וואסער מיט א פריש ווייס האנטוך.

קריינדעל: (וועלכע איז געשטאנען א צוטומעלטע,

קוקענדיג אויף לייבקען, כאפט זיך אויף) גאט מיינער! (לאזט זיך געהן צו דער שענק־שטוב).

לייבקע: (פארהאלט זי) טאמיר קומט אימיצער — אדער טאמיר פרעגט אימיצער — זאג ניט אז איך בין דא.

קריינדעל: ניין, ניין. (אב).

לייבקע: נו, גאט־זיי־דאנק, אזוי ווייט און איצט ווייטער. (מאכט צורעכט זיינע קליידער).

זימעל: טהו מיר א טובה, לייבקע, זעץ זיך אוועק און רעד — רעד אזוי אז איך, א פראסטער מענש, זאל דיך פארשטעהן. זיך ארונטערגעלאזט מיט א שטריק פון דריטען גורען, צובלוטיגטע הענד, האט מורא מ׳זאל וויסען אז ער איז דא און איצט וויל ער ווייטער. געהערט? א מעשה מיט זיעבען גזלנים.

לייבקע: ניין. א מעשה מיט בלויז איין משוגע׳נעם וואס איז א פירשט און מיט זיינער א טאכטער וואס איז — — — — נור לאמיך בעסער שווייגען. אט דער משוגע׳נער האט מיך פארשפארט אין טורעם פון שלאס אויפ׳ן דריטען גורען און האט אוועקגעשטעלט צוויי היידעמאקעס מיך היטען איך זאל ניט אנטלויפען. יא, צוויי היידעמאקעס פאר דער טהיר. מאלט אייך אויס אז מיט די צוויי וואלט איך שוין זיך ווי־אזוי־ס׳איז אפארעט. זיינען אבער דא אין שלאס דריי הונדערט און דאס איז שוין א שווערע מלאכה.

סגי־נהור׳טע: לייבקע לעבען, פארוואס פלוצלינג האט מען דיך פארשפארט? הא?

לייבקע: אט קום איך צו דעם. די פירשטין עלענא האט שוין פון לאנג — — — מילא, ניט וויכטיג. איהר ווילט דאך וויסען וואס פלוצלינג מען האט מיך פארשפארט? אט צוליעב אזא מעשה. דער פירשטין עלענא האט זיך פארגלוסט געהן דעם שבת אויף יאגד. און אויב יאגד מוז איך מיט איהר רייטען אין וואלד. ניט אנדערש. לאזט זי מיר זאגען פרייטאג פארנאכט —

פונקט ווען איך לאז זיך געהן אהער — לאזט זי מיר זאגען אז זי וויל האבען געזאטעלט די פערד פונקט זיעבען אזייגער אין דער פריה. קלעהר איך מיר, זיעבען אזייגער אין דער פריה וועל איך מעביר זיין די סדרה מיט דעם מחותן. זאג איך צו איהר דיענסט: בלא! שבת איז מיין טאג. א גאנצע וואך טאקי שטאל־מייסטער; שבת אבער — ניט פאר זיעבען פירשטען. דאס ניט! קלעהר איך — איך בין פארטיג. זי איז געוואוינט איך זאל איהר אבזאגען דעם פסוק און זיך ניט וויסענדיג מאכען. שוין פאסירט מעהר ווי איינמאל. לאז איך זיך טאקי געהן אהער און קלעהר מיר אויב דו ועסט וועלען שרייען איז זונטאג אויך א טאג. איך בין שוין באלד ביים טויער, ערשט איך הער דעם הויף־מייסטער שרייען: לייבקע! לייבקע! דער פירשט וויל דיך זעהן!

קריינדעל: (קומט אריין מיט א מעשענעם בעקען וואַסער און א ווייסען האנטוך. זי פיהרט צו לייבקען צו דער באַנק, זעצט זיך נעבען איהם און הויבט אָן וואַשען זיינע הענד בשעת ער דערצעהלט ווייטער).

לייבקע: זעהט איהר, מיט דעם אלטען משוגע'נעם איז שוין דער עסק ניט אזוי גלאטיג. ביי איהם ווייסט מען קיינמאל ניט מיט וואס עס וועט זיך אויסלאזען. און דא שטעהט דער הויף־מייסטער און ציטערט און בעט זיך רחמים. לייבקע, זאגט ער, אויב איך ברענג דיך ניט צוריק, וועט ער מיר אויסהאקעןביידע אויגען מיט זיינע פירשטליכע הענד. מילא, וועט ער איהם ניט אויסהאקען די אויגען. אבער איהם ווארפען א וויין־פלאש אין קאפ אריין וועט ער טאקי יא. האט זיך שוין געטראפען אמאל.

סגי־נהור'טע: (הוידעט מיט'ן קאפ) שוין געטראפען? הא? הפנים וואס גרעסער דער גוי, אלץ גרעסער די רציחה.

לייבקע: נו, געה איך. און דא האט זיך אנגעפאנגען א סדרה. רעדען מיט איהם איז ניט אזא לייכטער ביסען. שווייגט מען, ווערט ער א צוקאכטער. ענטפערט מען — איז כאטש רעד צו

דער וואנד. און אז ער הויבט נאך אן זידלען און רופען צונעמען — — — (שפרינגט אויף) אלע שווארצע רוחות! ווען איך — — ווען איך — — —

קריינדעל: זיי דיך ניט אזוי מרגז, לייבקע. (וויינט).

לייבקע: (בארוהיגט זיך) נו, וויין ניט, שעהן קריינדע־לע. זאל דיך גאט אבהיטען פון אזא אנשיקעניש. נו, שטעה איך פאר איהם, שטעה מיט'ן היטעל אין דער האנד. דו, טהוט ער א זאג צו מיר, וואס ביזטו דא? שטאלמייסטער פון פירשטליכען הויף אדער א סטרוזש אין א אידישען באד? אז די פירשטין וויל געהן שבת אויף יאגד, וועסט דו מיט איהר געהן שבת אויף יאגד. איך שווייג. צוקאכט ער זיך: דו וועסט געהן צו ניין? זאג איך: ניין. און איך דערמאהן איהם אז אויף דעם תנאי האב איך אנ־גענומען דעם פלאץ; שבת דאס איז מיין טאג. אז ער טהוט א געשריי: ווער צום טייוועל ביזטו דאס זיך מיט מיר צו דינגען? איך דארף ניט האבען קיין פארכעוואטען אידישען בחור דא. אויס שטאלמייסטער! קלעהר איך מיר, א שעהנע, ריינע כפרה — און לאז זיך געהן. האט ער זיך הפנים געכאפט אז איך בין פון דעם עסק צופריעדען, אז ער טהוט א יעכץ: האלט! אט די אידישע שקורע וועט ביי מיר ניט פיהרען קיין נצחון. אזא הינטיש בלוט! איך וועל איהם שוין לערנען דרך־ארץ. בקצור, פיער היידעמאקעס האבען מיך אבגעפיהרט אין טורעם אריין און מיך פארשפארט אויף דעם דריטען גורען און צוויי זיינען טאקי געבליבען שטעהן פאר דער טהיר. געהייסען האט עס אז ער וועט מיך פארשמייסען אויף טויט.

קריינדעל: (אין גרויס פחד) גאט מיינער!

לייבקע: נו זעהסט דאך, ער האט ניט געשמיסען. די טאכטער זיינע האט זיך אריינגעמישט. איך בין דאס געוואהר געווארען פון דעם הויף־מייסטער, ווען ער האט זיך אריינגעכאפט בגנבה היינט פארטאג צו מיר אין דער תפיסה אריין. (צולאכט

זיך) א גוטע נשמה! איך האָב געמוזט לאכען ווען ער האָט מיר דערצעהלט מיט וואָס פאַר שמד־שטיק זי האָט דעם אַלטען וואריאַט איינגענומען.

זימעל: און טאָקי מניה־ביה דיר פאַרזאָרגט דעם שטריק, האַ?

לייבקע: אַזוי ווי איהר זאָלט געווען שטעהן דאַביי. (לאַכט) כאַ, כאַ, כאַ! געקומען איז ער מיט אַ פעקעל אונטער'ן אָרעם. צום אוועקגעהן האָט ער דאָס פעקעל פאַרגעסען. הפּנים ער האָט מורא געהאַט אַז דער משוגע'נער וועט זיך מיישב זיין און מיך דאַך צוהרג'ענען. איך מאַך אויף דאָס פעקעל, אהאַ! אַ שטריק! קלעהר איך מיר, איצט איז שוין אַביסעל צו ליכטיג. כ'מאַגט שוין אין דרויסען און דאָצו איז נאָך שבת. אַזוי שנעל ווי עס וועט פינסטער ווערען — — —

זימעל: דאָס איבריגע פאַרשטעהט מען שוין. (הויבט אָן שפּאַנען אויף און אָב און קנייטשט דעם שטערן. קורצע פּויזע) נו, גאָט־זיי־דאַנק, פאַרקאַכט אַ לייטישע קאַשע. (קורצע פּויזע) נו, און וואָס ווייטער?

לייבקע: איך האָב געהאַט צייט אַ גאַנצען מעת־לעת טראַכטען וועגען דעם. האָב איך אויסגעטראַכט.

זימעל: אַ שטייגער וואָס?

לייבקע: איך מוז האָבען אַ פערד. אָבער שוין.

זימעל: אַ פערד?

לייבקע: יאָ, אַ פערד. איך וויל נאָך היינט ביינאַכט אריבער די גרעניץ.

זימעל: אַ פערד איז אַ קלייניגקייט. מיר וועלען שוין קריגען אַ פערד. נור וואָס אַ שטייגער וועסטו טהון פון דער אַנ־דערער זייט גרעניץ?

לייבקע: וועגען דעם וועל איך קלעהרען ווען איך וועל זיין פון דער אַנדערער זייט גרעניץ. (אויפגערעגט) וואָרים

איך וויל איהר זאָלט וויסען! אין שלאָס אריין צוריק געה איך ניט!

ז י מ ע ל : שריי ניט. איך שיק דיך ניט צוריק.

ל י י ב ק ע : איהר ווייסט ניט פאַרוואָס איך שריי. איהר ווייסט קיינם ניט. איהר מיינט מסתם אז איך בין אַנטלאָפען ווייל איך האָב מורא געהאַט פאַר שמיץ. הא? אָדער ווייל איך קען ניט איבערטראָגען די הינטישע שטיק פון דעם אַלטען וואַריאַט? נו, ווייסט איהר טאָקי ניט און איך — איך — צו אַלדי שוואַרצע יאָהר! אַט שטעהט דאָך מיין כלה, מיין שעהן קריינדעלע! ווי אזוי קען איך עפענען דאָס מויל? איך וואַרג זיך מיט די ווער־טער! איך — — רבי זימעל, איך מוז האָבען אַ פערד און היינט ביינאַכט איבער דער גרעניץ. שפּעטער, אַמאָל, אַמאָל — איך וועל אייך שוין דערנאָך אַליין דערצעהלען.

ק ר י י נ ד ע ל : טאַטע, דו פאַרשטעהסט נאָך אַלץ ניט וואָס מיט לייבקען טהוט זיך?

ז י מ ע ל : איך זאָל אזוי ניט וויסען פון קיין צער ווי איך הויב ניט אָן צו וויסען וואָס איהר ביידע רעדט. וואָס טהוט זיך מיט איהם? וואָס איז דאָרט אזוינס?

ק ר י נ ד ע ל : דאַרפסט דיך ניט מעהר שטיקען און דאַרפסט דיך ניט מעהר וואַרגען. איך וויים יאָ. איך האָב עס אָן דיר דערקענט שוין לאַנג. שבת ווען דו ביזט געקומען אהער, פלעג איך זעהן אז דו פיהלסט דיך ווי איינער וואָס איז אַנטלאָפען געוואָרען פון אַ וואַלד־גזלן. האָסט נישט באַדאַרפט רעדען. איך האָב עס געפיהלט קוקענדיג אויף דיר. איך האָב געוואוסט אַז זי גאַרט נאָך דיר. איך וויים דאָס און איך חדוש זיך אפילו ניט. ווען איך בין אַ פּרינצעסין, און ניט אַ שענקערס טאָכטער, וואָלט איך זיך געריסען צו דיר פונקט ווי זי.

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע : אַט דאָס איז די מעשה מיט געהן

שבת אויף יאגד: דוקא שבת ווען לייבקע וויל געהן צו זיין כלה. אז וועה און אך צו איהר!

ז י מ ע ל : אווא! אזוי איז די מעשה! (געהט אויף און אב) איצט שטעקען מיר שוין מיטביידע פיס אין ים־סוף. וואויל ווי די וועלט. (קורצע פויזע) הער, לייבקע.

ל י י ב ק ע : יא, מחותן.

ז י מ ע ל : אפשר — אפשר וואלט געווען גלייכער — — אבלאזען דעם שדוך? איך ווייס? (אלע קוקען אויף איהם ער־שטוינט).

ל י י ב ק ע : (אטהעמט שווער) הערט אויס, רבי זימעל. ראשית וויל איך וויסען פאר וואס פאר א מין מענש האלט איהר מיך? און ווענען ווילט איהר עס א טובה טהון אבלאזענדיג דעם שדוך. מיר? איהר?

ז י מ ע ל : פשוט גערעדט — מיר. מיר אליין. דא גאנגט זיך אז א מעשה מיט א פירשט; איך ווייס?

ק ר י י נ ד ע ל : (בליבעט שטיל).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : (קומט צו, קלאפענדיג מיט'ן שטעקען) שטיל זאל זיין! שטיל! ניטא איצט וואס צו טהון, נור זיך צו קריעגען? הא? מעהר בעהלט אייך ניט? ווער רעדט דא וועגען אבלאזען שדוכים? זימעל, וויפיעל שדוכים האסטו שוין אין דיין לעבען צונויפגעשטעלט? אויף אבלאזען ביזטו דא. רבונו של עולם! זיך געמאכט א שטיקעל מכשול — נו? אידען דערשרעקען זיך ניט פאר אזוינע זאכען. אז ניט, צו וואס טויג דער אידישער שכל? לייבקע איז גערעכט. הייגט ביינאכט מוז ער עוקר זיין; אריבער די גרעניץ! יא — נור ניט אליין. די לייבקיכע, זיין בשר'ער זיווג, פאהרט מיט איהם. אזוי זאג איך, די סגי־נהור'טע. (קורצע פויזע).

ז י מ ע ל : נאר אזוי?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : זימעל, היינט אויף־דער־נאכט וועס־

טו מיט מיר קיין לאנגע שהיות ניט מאכען. דו קענסט דאך מיך. דו האסט מיך אריינגענומען דא צו דיר אין הויז אריין, כדי איך זאל דיר היטען דיין כלה־מיידעל, ס׳זאל אויף איהר חלילה קיין בייז אויג ניט פאלען. צוריק אין דיין רשות וועל איך זי דיר ניט געבען. וואס וויסטו וועגען כלה־מיידלאך? וואס פארשטעהסטו וועגען דעם וואס פון איהר קען חלילה ווערען בשעת איהר בן־זיווג וועט זיך וואלגערן אין דער פרעמד? הא? זי איז זיינע, ניט דיינע. וואס ס׳וועט זיין מיט איהם, דאס וועט זיין מיט איהר. היינט ביינאכט — דו הערסט? שפאן! גיך! ברענג דעם רב מיט א מנין אידען.

זימעל: (תאלב צוטומעלט) וואס איז דא אזוינס? געה! לויף! ברענג דעם רב! הערט אויס. אין גאנצען א שור־הבר בין איך אויך ניט. וואס —

טני־נהור׳טע: (שפאנט צו צום ווינקעל און נעהמט איהר שאל) ניט געטענה׳עט! ניט געטענה׳עט! אויב דו געהסט ניט, געה איך. איך וויים אויך וואו דער רב וואוינט. (געהט טאפענדיג מיט׳ן שטעקען צו דער טהיר פון פארהויז, אב).

קריינדעל: טאטע, אין דרויסען איז שטאק־פינסטער. זי וועט פאלען. א בלינדע אליין ביינאכט. טאטע, רוף זי צוריק. רוף זי צוריק!

זימעל: אמת, אמת, אמת! אט געה איך. (אב).

(לייבקע און קריינדעל שטעהן אייניגע סעקונדען שווייגענדיג מיט ארונטערגעלאזטע אויגען).

לייבקע: (שטיל) שעהן קריינדעלע.

קריינדעל: וואס איז, לייבקע?

לייבקע: ער וועט געהן?

קריינדעל: מעגסט דיך פארלאזען אויף איהר. איהר ווארט איז הייליג. (שמייכלענדיג) ער טענה׳ט נאך מסתם. ס׳פאסט

איהם ניט מען זאָל ביי איהם אזוי לייכט פועל'ן. אָבער ער ווייסט שוין אז ער וועט געהן. אָט איז זי.

סגי־נהור'טע: (קומט אַריין און געהט צוריק אין איהר ווינקעל; מורמעלט) געזעהן אַ איד אַז עקשן! נאַ! אָבער ער איז געגאַנגען.

לייבקע: (געהט צו אויף די שפּיץ פינגער צו קריינדלען; מורמעלט שטיל) שעהן קריינדעלע.

קריינדעל: (מיט לאַבענדיגע אויגען, ווייזט איהם אויף דער סגי־נהור'טע אין ווינקעל אַז זי הערט אַלץ).

סגי־נהור'טע: לייבקע, דוכט זיך דו ביזט נאָך אין דיינע וואָכעדיגע מלבושים. ס'קומען באַלד מענשען. דיינע שבת'דיגע בגדים זיינען אין זימעלם שלאַף־שטוב. אייל דיך צו.

לייבקע: גערעכט, סגי־נהור'טע, אָט וועל איך זיך איבערטהון. נו, איינס, צוויי, דריי. (צו קריינדלען) טאָמיר קומט אימיצער — פאַרשטעהסט? — פון דאָרט, זאָג אַז איך בין דאָ ניט געווען. מאַך דיך צוטומעלט. נעהם דיך פאַרען עפּעס מיט אַ טעלער און צוברעך איהם מיט אַ טראַך, אזוי אַז איך זאָל דיך הערען פון יענער זייט וואַנד. פאַרשטעהסט? (אָב דורכ'ן פאָרהויז).

סגי־נהור'טע: קריינדעלע, ס'מוז נאָך זיין אַ האַל־בער לעקאַך. צושנייד און שטעל אוועק אויף דער מעשענער טאַץ. און נעהם טאַקי אַרוים די אייער־קיכלאַך און די גרויסע פלאַש בראַנפען.

קריינדעל: אָט געה איך, באָבעניו. (איז באַשעפטיגט אַ פּאָר מינוט מיט אָנגרייטען דעם כיבוד).

סגי־נהור'טע: דו וועסט מיר מוחל זיין, כלה־לעבען, פאַרוואָס איך לאָז דיך אַליין קאַשעוואַרען. אזוי איז אַז מען איז אַהן אויגען. אַז ניט וואָלט איך די מצוה דיר ניט צוגע־לאָזט. דו וועסט מיר שענקען די מצוה במתנה. האַ? כלה'ניו?

ק ר י י נ ד ע ל : (זעצט זיך אויף דער סגי־נהור'טעס שויס און קושט זי שוויגענדיג).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : אוועק, דו! וואס ווילסטו פון דער סגי־נהור'טע? דאס הארץ צוברעכען? נו, נו, גענוג זאל זיין. און איצט נעהם ארוים פון קאמאד מיין ווייסע, זיידענע פאַ־טשיילע.

ק ר י י נ ד ע ל : (ברענגט איהר די פאַטשיילע).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : וועלען מיר איצט צורעכטמאכען דעם דעק־טוך פאר דער כלה. יא. דאס איז שוין מיין מצוה. אט אזוי און אט אזוי. (מאַכט דעם דעק־טוך).

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : (קומט אַריין מיט דער חופּה אונטער'ן אָרעם) א גוטע וואָך, א גוט יאהר. (קוקט זיך אַרום) וואס פאר א חתונה, וואס? גענה, לויף, שלעפּ! איך וויים וואס?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : אהא, דער לאנגער שמש איז דא. כ'האב דיך באלד דערקענט אן דיין קול. א רחמנות אויף איהם, קריינדעלע, ער קען דאך נעבאך ניט רעדען.

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : וואס הייסט איך קען ניט רעדען?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : ווייל דו קענסט דיך נור בייזע־ן. וואס ביזטו אין כעס?

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : הערסט א מעשה! פאר וואס איך בין אין כעס? איך שטעה אזוי אין בית־מדרש און לעג צונויף די שבת־טישטוכער, ווען רבי זימעל פליהט אַריין אהן אָן אָטהעם און טהוט א זאג: שוין נעהם די חופה און לויף אוועק צו מיר אין קרעטשמע אריין. איך לויף נאכ'ן רב. און ער לויפט טאקי. שריי איך איהם נאך: רבי זימעל, וואס פלוצלינג? ענט־פערט ער מיר: כ'וועל דיר שוין שפּעטער דערצעהלען; דו טהו נור וואס מען זאגט דיר. און ער איז פארשוואונדען ווי א וויכער. געהערט אזוינס?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : יאָ, שוין געהערט אַזוינס. און אַז דו וועסט מיך פרעגען וועל איך דיר דערצעהלען. זימעל מאַכט התונה זיין קריינדעל היינט ביינאַכט.

ד ע ר ל אַ נ ג ע ר ש מ ש : אַה?!

ס נ י ־ נ ה ו ר ' ט ע : יאָ, מיט לייבקע קוילענברענער. און דאָס איבריגע וועל איך דיר שוין אַן אַנדערש מאָל דערצעהלען. מענשען קומען. (פון פאַרהויז הערען זיך די שטימען פון מענשען) קריינדעלע, זעה נור ווער עס קומט.

ק ר י י נ ד ע ל : (עפענט די טהיר און דרעהט זיך אויס אַ באַרוהיגטע) אונזערע, באַבעניו.

(עס קומען אַריין אַ גרופּע אידען און אידענעס, יונגעלייט און מיידלאַך).

אַ ל ע : אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָהר.

ע ר ש ט ע א י ד ע נ ע : אַט איז דאָך די כלה אַליין. מזל טוב דיר, קריינדעלע.

ק ר י י נ ד ע ל : מיט מזל זאָלט איהר לעבען. בקרוב ביי אייערע קינדער. זעצט אייך.

צ ו ו י י ט ע א י ד ע נ ע : ביזט נאָך גאַרניט אָנגעטהון, קריינדעלע?

ס נ י ־ נ ה ו ר ' ט ע : פּעסיע, טהו מיר אַ טובה און הער אויף פרעגען נאַרישע קשיות. מיט אַ האַלבער שעה פריהער האָט קיינער ניט געוואוסט אַז דאָ וועט זיין היינט נאַכט אַ חתונה. מסתם האָט אייך זימעל שוין דערצעהלט פאַרוואָס.

אַ פּ אָ ר א י ד ע ן : דערצעהלט, דערצעהלט.

ע ר ש ט ע ר א י ד : זיך צוהרג'עט מיט'ן פירשט, לייבקע. אַ בחור, אַ כוואַט!

צ ו ו י י ט ע ר א י ד : און ער מוז טאַקי נאָך היינט ביי־נאַכט עוקר זיין, האַ?

ס נ י ־ נ ה ו ר ' ט ע : נו, געגוג זאָל זיין. פאַר אייך וועלען

מיר הלילה קיין סודות ניט האלטען. מיר וועלען אייד דערצעהלען כל שורש דבר אזוי גיך ווי אלץ וועט אריבער בשלום. נעהמט בעך סער צוביסלאך בראנפען און טרינקט לחיים.

ע ר ש ט ע ר א י ד : ניטא דער חתן און ניטא דער מחותן, זיי אבצואווינשען.

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע : טרינקט, טרינקט. זיי וועלען שוין קומען. (אידען טרינקען לחיים).

ל י י ב ק ע : (עפענט פארזיכטיג די טיהר, קוקט זיך ארום און קומט אריין; ער איז אנגעטהון אין שבת׳דיגע בגדים) א גוטע וואך. אידען.

ש ט י מ ע ן : א גוטע וואך! מזל טוב דיר, לייבקע. לחיים! איי, סא ליכטיגער חתן־בחור! לחיים! מיר זאלען האבען נחת און די שונאי־ישראל א מפלה! לחיים!

ל י י ב ק ע : א דאנק, א דאנק. מיט מזל זאלט איהר לעבען. לחיים! טרינקט געזונטערהייט.

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : אט צוליעב דיר איז דאס די בהלה! שפייסענאכטס! שלעפ זיך מיט דער חופה אין דער פינס־טער. איך ווייס וואס?

ל י י ב ק ע : נור ניט געבייזערט זיך, שמש. אם־ירצה־השם באצאהלען אין פריידען.

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : עס, וואס מיר באצאהלען, ווער מיר באצאהלען. קיינער דארף ניט דיין באצאהלעניש. נו, לחיים! (טרינקט) זאל זיין מיט מזל! (געלעכטער) לאכט, לאכט! וואס איך ווינש איהם זאל מיר אנגעהן. לחיים! (טרינקט).

(די טהיר עפענט זיך. עס קומען אריין דער רב, זימעל און נאך עטליכע אידען).

ש ט י מ ע ן : נו, דער רב איז שוין דא. א גוטע וואך, א גוט יאהר.

ד ע ר ר ב : נו, זימעל, אהן שהיות. ברענג טינט און

פּעדער. (מען מאַכט פאַר איהם פּלאַץ און ער זעצט זיך ביים טיש) אַ טבעת־קדושין האסטו באַזאָרגט?

זימעל: (ברענגט אַ טינט־פאַס און אַ ווייכע, גענזענע פּעדער) אַ טבעת־קדושין? אַ טבעת־קדושין? געה, געדענק. אַלץ אין אַ האַלבער שעה צייט. רבונו של עולם! (שטעהט הילפלאָז).

סני־נהור'טע: נו, נו, ניט גערדאגה'ט. קום אהער, לייבקע. (ער געהט צו) רוף צו צוויי עדות. (צוויי אידען געהן צו) גיט מיר אַ פּאַטשיילע. אַט, זיי מקבל קנין פאַר עדות. דאָס איז מיין חופּה־רינגעל. איך שענק עס דיר במתנה גמורה. (גיט איהם דאָס רינגעל) עט, גאָט־זיי־דאַנק! כ'האָב קיינמאָל ניט געוואוסט נאָך וואָס איך שלעפּ עס אַרום אַזופיעל יאָהרען. אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, פאַר נאָך אַ מצוה.

דער רב: (האָט אין דערזעלבער צייט אָנגעשטהן די שפּאַ־קולען, אַרויסגענומען אַ כתובה און געשריעבען, פון צייט צו צייט פרעגענדיג עפּעס ביי זימלען)·

(דורך די פענסטער דערזעהט זיך פלוצלינג דאָס ליכט פון צוויי לאַמטערנעס וואָס באַוועגען זיך הין און צוריק, הויבען זיך אויף און פאַלען צוריק אַרונטער).

דער לאַנגער שמש: זעהט נור! וואָס איז דאָס?

זימעל. וואָס איז וואָס?

דער לאַנגער שמש: (לויפט צו צום פענסטער) עמיצער האָט אַריינגעקוקט אין פענסטער מיט לאַמטערנעס. אַט ערשט, די מינוט.

זימעל: אַט געה איך אַרויס אַ קוק טהון. (לאָזט זיך געהן צו דער טהיר).

לייבקע: (האַלט איהם אָב) מחותן, מ'טאָר ניט פאַרלי־רען קיין מינוט. דאָס זוכט מען מיך. לאָמיר פאַרטיג ווערען.

דער רב: לייבקע איז גערעכט. נו, קינדער, אהן שהיות. עדות, חתמ'ענען. (צוויי אידען שרייבען זיך אונטער אויף דער כתובה:

בשעת דעם) שמש, די חופּה! (שמש מיט נאָך דריי אידען שטעלען אויף די חופּה) סגי־נהור׳טע, זייט׳זשע מוחל, מ׳דאַרף באַדעקען די כלה.

ס ג י ־ נ ה ו ר ׳ ט ע : קום אהער, לייבקע. אַט איז דער דעק־טוך. קום מיט מיר. (זיי געהןביידע צו צו קרייגדלען און לייבקע טהוט איהר אָן דעם דעק־טוך אויפ׳ן קאָפּ).

ד ע ר ר ב : (הויבט זיך אויף, געהט אַרונטער אונטער דער חופּה) נו, שמש, „מי אדיר" איז דיין חזקה.

ד ע ר ל אַ נ ג ע ר ש מ ש : (זינגט מיט אַ הייזעריג קול) מי אדיר על הכל — מי ברוך על הכל — מי גדול על הכל — הוא, הוא, הוא — יברך החתן והכלה.

ד ע ר ר ב : דעם כוס. (מען דערלאַנגט איהם דעם בעכער וויין) ברוך אתה אדוני — אלהינו מלך העולם — בורא פרי הגפן.

א ל ע : אמן.

ד ע ר ר ב : ברוך אתה אדוני — אלהינו מלך העולם — אשר קדשנו במצותיו — וצונו על העריות — ואסר לנו את הארוסות — והתיר לנו את הנשואות לנו — על ידי חופה וקדושין — ברוך אתה אדוני — מקדש עמו ישראל — על ידי חופה וקדושין —

א ל ע : אָמן.

ד ע ר ר ב : דאָס רינגעל — אַט אויף דעם פינגער — זאָג נאָך — (לייבקע זאָגט נאָך) : הרי — את — מקודשת — זאָג : לי — בטבעת זו — כדת — משה וישראל. (דער רב בעהטמט די כתובה און פאַנגט אָן לייענען זעהר שנעל אין אַן אונטערטאָן. זיין מאַניר צייגט קלאָהר אַז ער איז אונרוהיג און אַז ער וויל ענדיגען די צערעמאָניע וואָס שנעלער).

(די טהיר פון פאָרהויז עפענט זיך. אַ היידעמאַק שטעקט אַריין דעם קאָפּ).

ז י מ ע ל : (מהוט א געשריי) וואס ווילסטו, דיאפריע?
(דער קאפ פון הײדעמאק פארשווינדט; אונרוהיגקייט שפיגעלט זיך אב אויף אלע פנימ׳ער).

ד ע ר ר ב : (הערט אויף לייענען די כתובה און טהוט א זאג) שנעל, דעם כוס! (מ׳דערלאנגט איהם דעם כוס) ברוך אתה אדוני — אלהינו מלך העולם — בורא פרי הגפן — (אלע: אמן!) — ברוך אתה אדוני — אלהינו מלך העולם — שהכל ברא לכבודו — (אלע: אמן!) — ברוך אתה — — — —

(די טהיר פון פארהויז ווערט אויפגעריסען און עס שפרינגען אריין דיאפריע און א צווייטער הײדעמאק. שרעק און ערשטוינונג באפאט ארום די גרופע. גלייכצייטיג עפענט זיך די טהיר פון דער שענק־שטוב און עס קומען אריין נאך צוויי הײדעמאקעס. א מינוט פון שווערען שטיל־שווייגען).

ל י י ב ק ע : (שטיל) רוקט אייך אב אן א זייט. שטעהט מיר ניט אין וועג. (אלע גרופירען זיך הינטער איהם) נו, דיאפריע, געקומען נאך מיר, הא?

ד י א פ ר י ע : דער פירשט אונז געשיקט, לייבקע. דו קום אין שלאס.

ל י י ב ק ע : נו, קום אהער און נעהם מיך.

ד י א פ ר י ע : וועסט דיך באפען שלאגען, הא? מיר גארניט שולדיג. אויב דיך ניט ברענגען, האט ער געזאגט דער פירשט, מאכט ער מיר, איהם און די דארט (צייגט אויף די הײדע־מאקעס) — מאכט ער אלעמען אזוי! (מהוט א פיהר מיט׳ן פינגער איבער׳ן האלז) ביק!

ל י י ב ק ע : אויב אזוי, געה איך מיט דיר, דיאפריע. (ברומט שטיל) שעהן קריינדעלע, איבער־אכט־טאג שבת אין בראד ביי רבי חיים האלצהענדלער. געהערט?

ק ר י י נ ד ע ל : (שטיל) מיט גאטס הילף, לייבקע.

ל י י ב ק ע : (ווי פריהער) רבי זימעל, אייך וועט פעהלען די נאכט דאס קארע פערד פון שטאל. געהערט?

ז י מ ע ל : (שטיל) נו, נו.

ל י י ב ק ע : (טהוט א שפרונג צו דער טהיר פון פארהויז, כאפט דיאפריע׳ן מיט בײדע הענד ארום דעם גארטעל און טהוט איהם אווארף אויף דעם צווייטען הײדעמאק. טומעל. אלע דריי ראנגלען זיך און פאלען. לײבקע איז דער ערשטער וואס שטעהט ווידער אויף. די אנדערע צוויי הײדעמאקעס לויפען צו און כאפען איהם אן ביי די הענד. דער לאנגער שמש און די בחורים לויפען איהם צו הילף. די ראנגלעריי דויערט אייניגע סעקונדען, ווען די שענק־טהיר עפענט זיך און עס לויפט אריין דער הויף־מייסטער אהן אן אטהעם).

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר : ווי גאט איז אייך ליעב! ווי גאט איז אייך ליעב! לײבקע! הער אויף! (רייסט זיך אריין אין דעם געשלעג) חזירים! הינטישע בלוט! טרעט אב! לײבקע! איך רעד דאך צו דיר. (דער טומעל ווערט שוואכער) אויף א מינוט זיך פארשפעטיגט און זעה נור וואס דא טהוט זיך!

ל י י ב ק ע : וואס ווילט איהר?

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר : צוערשט זיך באריהיגען, ברו־דערקע, אז ניט ועסטו ניט פארשטעהן וואס איך רעד צו דיר. פארשטעהסט? צוערשט זיך אבקיהלען.

ל י י ב ק ע : איך בין שוין רוהיג. נו, וואס ווילט איהר? מיך צוריקפיהרען אין שלאס?

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר : ריכטיג. נור ניט אזוי ווי דו מיינסט. קען מען דא רעדען פראנק און פריי? דאס זיינען דאך אלע פריינד דיינע, אה? (צו די הײדעמאקעס) איהר, חזירים, קענט אייך שוין אבטראגען. קיינער דארף אייך דא ניט. דיאפריע, ווארט אויף מיר אין דרויסען.

ה י י ד ע מ א ק ע ס : (אב).

הויף־מייסטער: לייבקע, הער'זשע אוים. אין שלאס אריין צוריקגעהן מוזטו די מינוט. אבער — — —

לייבקע: ניטא וואס צו רעדען! איך געה ניט!

הויף־מייסטער: דו רעדסט דאך ווי א קינד. אז דו געהסט צוריק, איז אלץ ווידער גוט. פארשטעהסט? ניין? נו, וועל איך דיר געבען צו פארשטעהן. פון שמיץ איז אבגערעדט. דו געהסט צוריק אין טורעם אויף א טאג־צוויי, ווייל דער אלטער וואר— איך מיין דער אלטער פירשט וויל ניט דו זאלסט פון איהם מאכען א לייטיש געלעכטער. נו, וועסטו אבזיצען א טאג אדער צוויי און דערנאך וועט זיין אלץ ווי געוועזן. צוריק שטאל־מייסטער — יא, אלץ ווי געוועזן, זאג איך דיר.

לייבקע: איך געה ניט צוריק.

הויף־מייסטער: גלויבסט מיר ניט? מיר, דיין בעסטען פריינד, הא? איך זאג דיר אז אלץ וועט זיין ווי געוועזן. דו הערסט?

לייבקע: וואס פלוצלינג האט ער חרטה געהאט? ער האט דאך מיר אבגעזאגט פון ארט?

הויף־מייסטער: שלעפ מיך ניט פאר דער צונג. איך וועל דיר שוין אן אנדערש מאל דערצעהלען פארוואס ער האט חרטה געהאט. דו קענסט דיר שוין אליין משער זיין.

לייבקע: יא, איך קען מיר שוין אליין משער זיין וועער עם האט חרטה געהאט. נו, צום לעצטען מאל, הערר הויף־מייסטער. איך געה ניט צוריק. איך געה ניט! זאלען זיי מיך אב־לאזען! צו אלדי שווארצע יאהר! אבלאזען! מיך אבלאזען!

הויף־מייסטער: (קוקט זיך ארום ווי זוכענדיג הילף פון די ארומיגע) זעה, זימעלע, ס'איז דאך דיין קינד, גיב דו איהם צו פארשטעהן. אט איז דער רב, אייער הייליגער מאן, א קלוגער איד. הערט מיך גוט אוים! אויב לייבקע געהט ניט צוריק אין שלאס וועט גארניט טויגען! דער פירשט וויל ניט אז א איד זאל

ביי איהם אויספיהרען א נצחון. נו, ווייסט איהר וואס ער האט מיר געזאגט? ניין? וועל איך אייך דערצעהלען. געזאגט האט ער אזוי: אויב אט דער לייבקע קומט ניט צוריק מיט גוטען, וועסטו מארגען מיר ברענגען צופיהרען די צעהן שעהנסטע בעלי־בתים, ניט קיין האלאדרייניקעס, נור בעלי־בתים, חשוב'ע מענשען און זיי ארייגזעצען אין קעלער אונטער'ן שלאס. דו וועסט זיי אזוי לאנג האלטען, ביז לייבקע וועט צוריקומען.

לייבקע: וואס פאר א צעהן בעלי־בתים? וואס הייסט דאס?

הויף־מייסטער: ביי מיר פרעגסטו? פערד! אזוי באפעהלט דער פירשט! נעה, שריי!

זימעל: אבער, הערר הויף־מייסטער, וואס זיינען צעהן פרעמדע מענשען שולדיג אז דער פירשט צוקריגט זיך מיט זיין שטאלמייסטער?

הויף־מייסטער: (אונגעדולדיג) דער פירשט! דער פירשט! זימעל, ביזט א פערד! אזוי וויל ער. ער זאגט, אז די אידען באהאלטען זיין שטאלמייסטער, וויל ער זיי באשטראפען. (בעט זיך) לייבקע, דו ווייסט דאך בעסער פון זיי.

לייבקע: (נעהמט אן קריינדעלען ביי דער האנד; קורצע פויזע) נו, שעהן קריינדעלע?

קריינדעל: לייבקע, איך האב קיין מורא נים. קיינער וועט דיך ביי מיר ניט אוועקנעהמען. נעה, מיין מאן.

לייבקע: איך געזעגען זיך ניט, שעהן קריינדעלע. זאל דער גוטער גאט דיך אבהיטען ביז איך וועל צוריקומען. (צום הויף־מייסטער) נו, קומט. (לאזען זיךביידע צו דער טהיר).

דער רב: א זעלטענע אידישע נשמה! (הויבט אויף די הענד) יברכך אדוני וישמרך!

(פארהאנג)

# דריטער אקט

(אַ צימער אין שלאָס פון פירשט. אין הינטער־גרונד צוויי פענסטער אין אַ דיקער שטיין־וואַנד. רעכטס, אַ גרויסע דאָפּעל־טהיר וואָס פיהרט צום קאָרידאָר. אין דער לינקער וואַנד איז איינגעמויערט אַ גרויסער שראַנק מיט אַ רייך־באַפּוצטען איקאָן און פאָרהאַנגען מיט רויט־פּלושענע גאַרדינען. אין הינטער־גרונד, לינקער ווינקעל, אַ בעט מיט ווייס־און־רויט געשטרייפטע פאָרהאַנגען. אין צענטער פון דעם צימער, אַ גרויסע ווייכע זאָפאַ. דעקאָ־ראַציע און קאָלירען רייך אָבער מיטעל־אַלטעריש. — ס'איז נאַכט).

ל י י ב ק ע : (שטעהט ביי אַן אָפענעם פענסטער און קוקט אַרויס אויפ'ן הויף. דורך דעם פענסטער זעהט זיך אַן אונהיימליכער שיין וואָס טאַנצט אויף און אָב — דאָס ליכט פון שטורקאַצען. פון אונטען קלינגט אַרויף — באַלד שטאַרקער, באַלד שוואַכער — אַ הו־זעשעריי און אַ געזאַנג. לייבקע שטעהט שווייגענדיג עטליכע סעקונדען, ווען עס הערט זיך אַ קלאַפּען אַן טהיר. לייבקע געהט צו און עפענט).

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : (קומט אריין; ער איז אַביסעל שכור'לאַך) אַה, ביזטו דאָס אַן אַנגעבלאָזענער אינדיק! זיך פאַר־האַקט און ליעגט דאָ איינגעלייגט ביי זיך אין שטוב, כאָטש די וועלט זאָל זיך איבערקעהרען. שוין איינמאָל אַן עקשן!

ל י י ב ק ע : וואו ווילט איהר זאָל איך זיין?

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : (קרומט איהם איבער) וואו ווילט איהר זאָל איך זיין? חמור וואָס דו ביזט! דאָרט וואו אַלע מענ־שען זיינען. דער פירשט מאַכט אַ הוליאַנקע. ס'איז דאָ מוזיק.

מ׳טאנצט. בראנפען וויפיעל דאס הארץ גלוסט; אי אקאוויט, אי שליוואוויץ. און וויין — אויף מיין ווארט, אמת׳ער טאקאיער. און דו זיצסט דא און שפיעלסט א ברוגז. וואס טויג דיר תענית? ביזט קיין מענש ניט.

ל י י ב ק ע: הערר הויף-מייסטער, מיר ליגען ניט אייערע הוליאנקעס אין קאפ. דער געבורטס-טאג פון פירשט! א גדולה אויף מיר!

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר: (לאכט) איך פארשטעה אז ווען ער נעהמט איין א פגירה, וואלט ביי דיר געווען די אמת׳ע שמחה. הא, לייבקע? געטראפען צו ניין? שא, זאג קיינעם ניט אויס. איך וואלט זיך אויך ניט געזעצט ווייגען, ווען ער טהוט א פגר אוועק אזוי איבער-נאכט — דער משוגע׳נער װאריאט. נור וואס איז דא צו רעדען? דערוויי'ל איז ער פירשט און איך הויף-מייס-טער — און באסטא! אבער מיט א הוליאנקע האט עס גארניט צו טהון. און אז שלעכטער פירשט, זאל מען שוין ניט טרינקען קיין בראנפען און קושען קיין מיידלאך? לייבקע, וואס איז גע-ווארען פון דיר? לייבקע!

ל י י ב ק ע: (געהט אויף און אב) יא, וואס איז געווארען פון מיר! (קורצע פויזע) איהר געדענקט לייבקען וואס האט ליעב געהאט מאכען א שנאפס און טאנצען מיט יונגע פויערטעס. אז דעם לייבקע פארגעסט, הערר הויף-מייסטער. יבש! דער איז ניט מעהר קיין היגער.

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר: אבער וואס פלוצלינג? אט דאס וויל איך וויסען.

ל י י ב ק ע: איך אויך. אבער מיר איז שווער אייך צו געבען צו פארשטעהן. עפעס האט מיר פאסירט. ווען, ווי אזוי, וואס — ווייס איך אליין ניט זעהר קלאהר. אבער אזוי איז דאס. ס׳איז ניט דערזעלבער לייבקע. ניט דערזעלבער — איהר פאר-שטעהט? — ניט דער אמאליגער, ניט דער וועמען איהר האט גע-

קענט. איהר הערט דעם ליארם דארט אונטען אין הויף? די הויי־ זעריגע קולות, די קוויטשעריי, דעם שכור'ען טאראראם? אמאל פלעגט מיר פון אזא עסק שטארק הנאה טהון. פארוואס ניט? חי-געלעבט! אבער ניט מעהר. פשוט ביי מיר פארלוירען דעם טעם. ביי אייער איינס, א שמחה; ביי מיר, א שמיק חזיריי. (פארמאכט דאס פענסטער מיט א קלאפ) ס'ווילט זיך א שפיי געבען אט אזוי אויף דעם גאנצען געזינדעל — — —

הויף־מייסטער: אהא! דו ביזט שעהן פארקראַ־ כען, לייבקע! וואס פאר א ווערטער איז דאס? איך האב דיך תמיד געהאלטען פאר איינעם פון אונזערע. טאקי א איד — אבער אלץ איינער פון אונזערע. אוואַ!

לייבקע: איינער פון אייערע! ס'האט זיך מיר אויך אמאל אזוי געדוכט. אבער איך האב געהאט א טעות. איז וואס? איך האב אייך שוין פריער געזאגט. איך וויים ניט ווי אזוי דאס געבען צו פארשטעהן. ס'פלאנטערט זיך מיר אויף דער צונג. ניד ס'קאטשעט זיך ניט ארונטער. אט נעהמט, למשל, שבת. איך מיין פארברענגען א שבת מיט זימעל דעם שענקער; אט אזוי. פרייטאג־ צו־נאכטס אין שוהל, וואו מען דאווענט; אדער ווען מען קומט אהיים, ס'ברענט ליכט. מ'דרעהט זיך איבער דער שטוב. מ'זינגט שלום עליכם און מ'מאכט קדוש. אט! אט וועט איהר פארשטעהן! אט דאס וועגען קדוש. איהר זעהט, מ'טרינקט ביי אונז אויך. אבער מ'זאגט עפעס מיט דעם, עפעס א הייליג ווארט. מ'דאנקט גאט. עט, צום טייוועל! וואס רעד איך דא? אייער איינער וועט ניט פארשטעהן, כאטש עפען איהם דעם קאפ מיט א האק.

הויף־מייסטער: גערעכט, אויף מיין ווארט. איך הויב ניט אן פארשטעהן א ווארט וואס דו באלאקעסט דארט. וואס ווילסטו? וואס קוועטשט דיך? הא?

לייבקע: וואס איך וויל? אט וואס. איך וויל מ'זאל מיך אבלאזען. דאס איז אלץ וואס איך וויל.

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : דיך אבלאזען? מ׳האט דיך דאך שוין אבגעלאזט. ביזט צוריק א שטאלמייסטער. געהסט ארום פראנק און פריי. און זואוינען וואוינסטו ניט ווי א שטאלמייסטער נור ווי א — ווי דו וואלסט געווען דער פירשטליכער איידעם. (צו־לאכט זיך) אט זעה, אה! (צייגט אויף דעם צימער) הלואי אויף מיר געזאגט געווארען, לייבקע ברודער. (קלאפט איהם פריינדליך אויף דער פלייצע).

ל י י ב ק ע : (טרייסעלט איהם אב אונגעדולדיג) פראנק און פריי בין איך! יא. שעהן פראנק און פריי. ווען מ׳האט מיך אריבערגעפיהרט פון טורעם אהער, האט זיך מיר אויך געדוכט אז איך בין שוין פריי. איך טהו א קוק ביי דער טהיר, ניטא מעהר קיין היידעמאקעס מיך צו היטען. קלעהר איך מיר, גאט־זיי־דאנק פאר דעם; אפשר קומט שוין די ישועה. סוף־כל־סוף ועלען זיי דאך מיעד ווערען מיך צו מוטשען. דער פירשט באפעהלט איך זאל ווייטער אכטונג געבען אויף די שטאלען; איז דאך ווייטער גוט. איך וועל זיך קענען א ריהר טהון. נו, נעכטען פארנאכט בין איך געוואהר געווארען אז איך בין נאך ניט פארטיג, אז איך בין נאך אלץ אין תפיסה. צום מייוועל! ווען — — —

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : וואס איז געשעהן נעכטען פאר־נאכט? הא?

ל י י ב ק ע : איך האב געוואלט ארונטערגעהן אין קרעטש־מע. שוין צוויי וואכען ניט געזעהן מיין קריינדעלע, פון יענער נאכט אז ווען מ׳האט מיך צוריקגעשלעפט אהער. איך קום צו צום טויער, ערשט דער סטרוזש טהוט א ציה דעם גלאק און ס׳קו־מען צו פליהען היידעמאקעס, ניט טויט ניט לעבעדיג, און שטע־לען זיך אוועק פאר דעם טויער מיט די פיקעס אין די הענד. פרעג איך דעם סטרוזש: וואס הייסט דאס? גארניט, ענטפערט ער, דער פירשט האט אזוי געהייסען. געהייסען דיר קלינגען אין

גלאָק? פרעג איך איהם אָבער-אַמאָל. אַזוי, ענטפערט ער, האָט מען מיר אָנגעזאָגט. געהייסען, אָנגעזאָגט און פארפאַלען.

הויף-מייסטער: ס'איז געוועזן געזונטער פאַר איהם וואָס ער האָט טאַקי יאָ געקלונגען. (לאַכט) עה, לייבקע? צעהן היידעמאַקעס איז בעסער ווי איינער, ווען לייבקע קומט צו גאַסט.

לייבקע: ניין, איהר האָט אַ טעות. איך כאַפּ זיך מעהר ניט שלאָגען.

הויף-מייסטער: געה שוין, געה. ער כאַפּט זיך מעהר ניט שלאָגען. וואָלסט געוועזן פון איהם געמאַכט אַ שטיק קאָלבאַס.

לייבקע: איהר רעדט אַלץ וועגען דעם אַלטען לייבקע. ניין. ניט מעהר. מיט'ן קולאַק פועל'ט מען גאָרניט. פאַר אַ יעדען קולאַק איז דאָ נאָך אַ גרעסערער קולאַק. מייניגע שלאָגען זיך ניט מעהר. איך אויך ניט.

(ס'הערט זיך קלאַפּען אין טהיר).

הויף-מייסטער: (געהט צו און עפענט) עה! יאַד-וויגאַ! פון וואַנען האָסטו געוואוסט אַז איך בין דאָ? האָ? קום אַריין. נו! (נעהמט זי אָן ביים אָרעם).

יאַדוויגאַ: (שטעהט ביי דער טהיר אַ צוטומעלטע) געהט צום שוואַרצען יאָהר. לאָזט מיך אָב. ניט אייך האָב איך געזוכט. (רייסט זיך פון איהם).

הויף-מייסטער: אַז ניט מיך, וועמען דען? קום אַריין. (שלעפּט זי אַריין און פאַרמאַכט די טהיר) נו, רעד ווערטער.

יאַדוויגאַ: (רויטעלט זיך) איך ווייס ניט צו איך זאָל — — — צו איך מעג — — —

הויף-מייסטער: זעה נור ווי די באַקען האָבען זיך איהר צופלאַמט. וואָס איז? איך פאַרשטעה שוין אַליין. אויב

ניט מיך האסטו געזוכט, איז לייבקען. פוי, לייבקע. אי די האַרינ־
טע, אי די דיענסט, פוי! ביזט, במחילה, אַ חזיר!

ל י י ב ק ע : (מיט עקעל) אַה, הערט אויף, צום טייוועל.
ניט די האַרינטע און ניט די דיענסט! וואָס ווילסטו, יאַדוויגאַ?
רעד שנעל.

י אַ ד ו ו י ג אַ : (צעגערט) איך ווייס ניט — — —

ל י י ב ק ע : אויב דו ווייסט ניט, האָב'זשע מיר אַ גוטע
נאַכט. (דרעהט זיך אַוועק).

י אַ ד ו ו י ג אַ : די פּירשטין האָט געבעטען דו זאָלסט
גלייך קומען.

ל י י ב ק ע : גלייך קומען וואוהין?

י אַ ד ו ו י ג אַ : איך ווייס? מסתם צו איהר אין צימער.
וואָס ווייס איך?

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : (לאַבענדיג) נו, האָב'זשע מיר
אַ גוטע נאַכט, לייבקע.

ל י י ב ק ע : וואַרט אַ מינוט, הערר הויף-מייסטער.. (צו
יאַדוויגאַן) זאָג איהר אַז איך וועל ניט קומען.

י אַ ד ו ו י ג אַ : זי האָט געזאָגט זי מוז דיך נויטיג זעהן.

ל י י ב ק ע : איך געה ניט.

י אַ ד ו ו י ג אַ : וואָס זאָל איך איהר זאָגען?

ל י י ב ק ע : וואָס דו ווילסט. זאָג איהר איך בין ניטאָ,
איך שלאָף — וואָס דו ווילסט, וואָס דו ווילסט.

י אַ ד ו ו י ג אַ : זי — — זי וועט זיין שרעקליך אין כעס.

ל י י ב ק ע : (אַן אויפגעקאָכטער) אויב אַזוי, זאָג איהר זי
זאָל קייען ערד. איך געה ניט.

י אַ ד ו ו י ג אַ : ס'איז זעהר נאַריש פון דיר, לייבקע. דו
פאַרגעסט אַז זי איז דאָ פּירשטין.

ל י י ב ק ע : איך בין דיר מוחל דיינע עצות, יאַדוויגאַ.
געה און — — געה, נו, געה.

יאדוויגא: (ביי דער טהיר) גאָט מיינער! גוט ענדי־גען וועט זיך דאָס ניט. זי וועט פון זינען אראָב. גאָט מיינער! (אָב).

הויף־מייסטער: (דרעהט זיך אויף און אָב) לייבקע, אויב דו וועסט ניט ביין ווערען, וועל איך דיר עפּעס זאָגען. הא? וועסט אויסהערען? גוט. זעהסט, לייבקע, איך האַלט פון דיר אַ וועלט, יאָ, אַ וועלט. ביזט אַ קלוגער, ביזט אַ געלאַסענער, ביזט אַ גוטער מענש. זעהר פיין, זעהר פיין! ווען איך וואָלט געהאַט אַ זוהן, דו זעהסט, אַזוי ווי גאָט איז מיר ליעב — איך וואָלט מיר געוואונשען אַז ער זאָל זיין אַזאַ בחור'עץ ווי דו. יאָ, אמת. נור וואָס דען? אָט דאָ, דו ווייסט וואָס איך מיין, אָט אין דער היסטאָריע מיט דער פירשטין, אָט דאָ, וועסטו מיר טויזענד מאָל מוחל זיין, האַנדעלסטו ווי אַ — ווי אַ — — נו, ווי אַ פערד און אפשר נאָך נארישער.

לייבקע: הערר הויף־מייסטער, איהר זענט טאַקי מיי־נער אַ פריינד. איך ווייס. אָבער צו וואָס אַט די אַלע שמועסאַכ־צער? מיר קריבען זיי שוין פון האַלז. צו אַלדי שווארצע יאָהר — — — !

הויף־מייסטער: אהאַ, לייבקע! ביזט דאָך ניט קיין וואָרטסמאַן. מיר האָבען דאָך גערעדט אַז דו וועסט ניט ביין ווערען.

לייבקע: (טהוט אַ ציה מיט די פּלייצעס) נו, רעדט, רעדט. איך וועל ניט ביין ווערען.

הויף־מייסטער: נו, הער'זשע אויס. ווי איך זעה די זאַך מיט מיין פּראָסטע קאָפּ, קענסטו ווערען דאָ דאָס אויבער־שטע פון שטייסעל. איין קליינינקייט! זי פּגר'ט אוועק נאָך דיר. כאַפּט זי אַ כאָליערא! וואָס אַרט עס דיך? וואָס מ'זאָל ניט זאָגען וועגען איהר, שעהן איז זי. ס'זאָגט זיך שעהן? שעהן ווי די

וועלט. און דאָצו פּריציש בלוט. דו ווייסט דאָך וואָס איך מיין; עלעגאַנט, פייערדיג און ווען זי טהוט אויף דיר אַ קוק דערפיהלסטו באַלד אַז זי איז דאָס די גרויסע האַרינטע. און פאַרגעס ניט, ברודערקע, אַז זי איז אַן איינציגע טאָכטער ביים פּירשט; וועט אַמאָל איבערנעהמען אַלע צוועלף גיטער מיט דער גאַנצער מלוכה. נו, זי פאַר'ט אַוועק נאָך דיר; דער אַלטער שכור פאָר'ט אַוועק נאָך איהר. איין קלייניגקייט! זייַן עלענאַ! דו זאָלסט נור הערען וואָס פאַר אַ חדושים ער דערציילט עס פון איהר, דאָרט אין איטאַליע. דו ווייסט דאָך, זיי האָבען געוואוינט אין רוים, דאָרט וואו דער הייליגער פּאָטער איז. צוואַנציג יאָהר זיינען זיי דאָרט געזעסען און געוואָרט אַז דער פּעטער זיינער, דער אַלטער פּירשט זאָל זיך אָבטראָגען. יאָ, קענען וואָס האָב איך דיר דאָס אָנגעהויבען צו דערציילען? יאָ, קענען דעם וואָס ער דערציילט אַלערליי חדושים פון איהר, דאָרט אין איטאַליע. געווען צוויי מאָל קעניגין פון קאַרניוואַל. יאָ. קאַוואַלירען האָבען זיך געוואָרפען פאַר די פערד פון איהר קאַרעטע. אוים ליעבע, פאַרשטעהסטו מיך. און אפילו אַ קאַרדינאַל האָט געסטראַשעט אַז ער וועט זיך דער־טרענקען אויב זי וועט איהם ניט — — —

ל י י ב ק ע : אַ וואָס? אַ קאַרדינאַל?

ה ו י ף ־ מ י י כ ט ע ר : יאָ, יאָ, אַ קאַרדינאַל. אָה, דו מיינסט דאָס וואָס ער איז אַ הייליגער מאַן? נאַרישקייטען. גאָט איז ניט ברוגז אַז מענשען האָבען הנאה. און ווער רעדט נאָך אַ קאַרדינאַל! ער קען זיך דאָך פאַרגעבען זיינע אייגענע זינד. בקצור, וואָס וועל איך דאָ לאַנג ברייען? זי איז שעהן. זי פאָר'ט אַוועק נאָך דיר, דער פּירשט נאָך איהר. נו, וואָס נאָך ווילסטו? און ווייסטו נאָך וואָס איך וועל דיר זאָגען? ווען דו האָסט שכל, ווערסטו אינגאַנצען איינער פון אונזערע. דו ווייסט וואָס איך מיין. מ'געהט צום גלח, ער באַשפּריצט מיט אַביסעל הייליגע וואַ־סער און פאַרטיג. אַט דענצמאָל, זעהסטו, וואָלסטו געוואָרען ביים

פירשט גאר א חשוב. און איינס מיט'ן אנדערן — דו פאר־שטעהסט? — וואלסטו וויט דערגאנגען, ווייט, זעהר ווייט!

ליבקע: (קוקט אויף איהם מיט א פאר ווילדע אויגען און קען קיין ווארט ניט ארויסרעדען).

הויף־מייסטער: זעה נור, ווי ער קוקט אויף מיר! דו! וואס גלאצסטו אזוי מיט די אויגען? וואס איז? (רוקט זיך אב הינטערווייליגכן).

ליבקע: איך גלאץ ניט. שרעקט אייך ניט. נור זאגט מיר, איז דאס אייער אייגענער אויפטהו, אדער — — ? דעם אמת, הערר הויף־מייסטער, דעם אמת!

הויף־מייסטער: עט, וואס איז דא צו זאגען? אויב דו ווילסט איז דאס מיין אייגענער. און צוריק גערעדט, איז דאס ניט אין גאנצען מיין אייגענער. אפשר האט מען מיר אמאל געגעבען א ווינק וועגען דעם. מ'האלט מיך פאר דיינעם א פריינד. ווארים אזוי לאנג ווי דו לויפסט אלץ צו דיינע אידען — — —

ליבקע: (לאזט איהם ניט ענדיגען) דער פירשטין עלע־נא וואלט שטארק הנאה געטהון ווען איך — ווי זאגט איהר? — געה צום גלח, לאז זיך באשפריצען מיט הייליגע וואסער און פארטיג. הא? ס'וואלט איהר הנאה געטהון?

הויף־מייסטער: אווא!!

ליבקע: נו, און אייך אליין, הערר הויף־מייסטער?

הויף־מייסטער: מיר? נו, אודאי. כ'בין דאך עפעס דיינער א פריינד!

ליבקע: און אז דעם פירשט וואלט הנאה געטהון, האט איהר דאך שוין אליין געזאגט. ביי איהם וואלט איך געווארען דאס אויבערשטע פון שטייסעל. הא, הערר הויף־מייסטער?

הויף־מייסטער: וואס פרעגסטו, וואס?

ליבקע: און זימעל דעם שענקער, און מיין שעהן

קריינדעלע, און דער סגי־נהור'טע, און דעם אלטען רב, און דעם לאנגען שמש — זיי וואלט איך הנאה געטהון? הא?

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר : עט! וואס דארפסטו ארייג־קלעהרען — — ?

ל י י ב ק ע : (שרייט) ענטפערט מיר! איך וויל וויסען! זיי, זיי, זיי! וואלט זיי אויך הנאה געטהון? הא?

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר : שא, שא, וואס שרייסטו, וואס? קיינער — — —

ל י י ב ק ע : נו, און איך? איך אליין? דוכט זיך, איך בין גאר אויפ'ן צעטעל ניטא. גארניט. מ'געהט צום גלח, ער באשפריצט מיט אביסעל הייליגע וואסער און — פארטיג. נו, לאמיך'זשע איך זאגען — (א צוקאכטער) — נו, לאמיך'זשע אייך זאגען! ווען איהר זענט ניט מיינער א פריינד, וואלט איך אייך א נעהם געטהון ביים גארגעל, אז עס וואלט אייך פארגאנגען דאס לשון! איהר —

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר : אהא! לייבקע ברודער! בארוהיג דיך. ווי גאט איז דיר ליעב. איך האב ניט געמיינט קיין שלעכטס חלילה. קיינער צווינגט דיך ניט. גאט באהיט! פשוט, איך האב געמיינט פון דיין טובה וועגען, ווייל — — —

ל י י ב ק ע : פון מיין טובה וועגען? הא? פון מיין טובה וועגען?

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר : אודאי! ווייל איך בין דיינער א פריינד. אז אמת'ער פריינד!

ל י י ב ק ע : ווער בעט אייך טובות, ווער? וואס ווילט איהר פון מיר? איך האב ניט געוואלט ווערען קיין פירשטליכער פערשטער. איך וויל ניט זיין דער פירשטליכער שטאל־מייסטער. איך וויל ניט שכור'ן און טאנצען מיט פויערטעס. איך וויל ניט ווערען דאס אויבערשטע פון שטייסעל. איך וויל ניט די חנ'דעלאך און די ליאסשצענדיגע אויגען פון דער פירשטין עלענא. צום טייי־

וועל זאלט איהר געהן אלע מיט איינאנדער! ווייסט איהר דען ניט ווער איך בין? לייבקע קוילענברענער בין איך. א איך בין איך. נו, לאזט מיך ברענען קוילען און זיין א איד! און זיין א איד!

הויף־מייסטער: אויף מיין ווארט, לייבקע, ווען איך וואלט געווען געוואוסט אז איך וועל דיך אזוי מרגיז זיין, איך זאג דיר, איך וואלט זיך געווען ליעבער די צונג אבגעביסען. נו, נעהם ניט פאר אומגוט. (געהט צו און גלעט איהם איבער דער פלייצע) דו גלויבסט דאך מיר, הא?

לייבקע: (הויהעט שטום מיט'ן קאפ אויף יא).

הויף־מייסטער: נו, לייבקע, פארגעס וואס איך האב דיר געזאגט. איך, פארשטעהסטו מיך, בלייב אלע דיינער א פריינד אפילו ווען די גאנצע וועלט קעהרט זיך איבער מיט'ן קאפ אראב. אמת, איך פארשטעה דיך ניט אין גאנצען. עפעס רעדסטו אמאל אזוי — — נור וואס איז דא צו טענה'ען? אט איך עס קאלבאס און ס'איז א מחיה; דו ברעכסט אויס די גרינע גאל ווען דו טהוסט א שמעק דאצו. אזוי איז דאס און באסטא! (עס דערהערט זיך א שטארקער געטומעל פון הויף וואס צוטראגט זיך באלד איבער'ן גאנצען הויז) וואס איז דאס? (לויפט צו צום פענסטער; דער טומעל וואקסט אין קארידאר; ער לויפט צו צו דער טהיר און עפענט זי) אלע שווארצע רוחות! וואס איז דאס? (פארשווינדט אויף א מינוט).

לייבקע: (געהט איהם נאך צו דער טהיר).

הויף־מייסטער: (קומט צוריק) אט קומען זיי!

לייבקע: ווער איז?

הויף־מייסטער: א בערען־טאנץ. און דער פירשט איז טויט־שכור. ער קען קוים שטעהן אויף די פיס.

(פון קארידאר הערט זיך א טומעל — געלעכטער, געשריי און צימבאל־שפיעל. באלד ערשיינט דער פירשט, געסט, הייזעמאקעס, הויף־

דיענער. צווישען זיי, דיאַפּריע דער הוידעמאַק וואָס פיהרט אַ בער אויף אַ לאַנגער אייזערנער קייט און טרייבט איהם מיט אַן אייזען־באַשפּיצ־טער שטאַנג. עטליכע דרענגען זיך אַריין אין צימער. די איבריגע פילען אַן די טהיר און דעם קאָרידאָר הינטער איהר).

פּ י ר ש ט : גוטען אָוועגד, הערר שטאַלמייסטער. זעה נור, אין וואָס פאַר אַן עלעגאַנטען צימער מיר וואוינען. עלענאַם איינ־פאַל, מיינע פריינד. אַ גוטער שטאַלמייסטער, זאָגט זי, איז ווי אַ גוט רייט־פערד. אַמאָל מוז מען איהם דערלאַנגען מיט'ן בייטש. אַ שטאָל אָבער מוז מען איהם געבען אַ פיינע. אַז ניט פיהרט מען איהם איבער. אַ קלוגער קאָפּ, מיין עלענאַ. עה, דו, ווי רופט מען עם דיך?

ל י י ב ק ע : (וועלכער שטעהט אָבגערוקט אַביסעל צום הינטער־גרונד, ענטפערט ניט).

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : לייבקע, רופט מען איהם, גנע־דיגער פירשט.

פּ י ר ש ט : לייבקע, יאָ, ריכטיג, לייבקע. און פאַרוואָס ניט, זיין עקסעלענץ לייבקע? ס'קלינגט שעהן, מיינע פריינד. ניט אמת?

צ ו ו י י ג ע ס ט : (האַלב־שכור'ע) זיין עקסעלענץ, לייב־קע! וואונדערבאר! (האַלטען זיך ביי די זייטען פון געלעכטער. אַנ־דערע לאַכען מיט).

פּ י ר ש ט : כ'וועל אייך עפּעס אויסזאָגען, מיינע פריינד. איך שעהם זיך ניט. זעהט איהר דעם דאָרט, זיין עקסעלענץ לייב־קע, ער האָט מיר ניט געוואָלט אָנטהון דעם כבוד און אַרונטער־קומען אין הויף צו דער הוליאַנקע. פּשוט, ניט געוואָלט. זיין עק־סעלענץ לייבקע האָט ניט געוואָלט! נו, זיינען מיר געקומען צו איהם. שעהן פון מיר! ניט אמת? זעהר שעהן! (געלעכטער) פאַר־וואָס בעטסטו מיך ניט זיצען, עקסעלענץ? האַ? מעג מען זיך זעצען? מען מעג. (פירשט זעצט זיך; געלעכטער) מיר זיינען גע־

קומען איהם אמוזירען ווי עס פאסט פאר זיין עקסעלענץ לייבקע.
אנו, דיאפריע! אנו צימבאל־שפיעלער! דעם בערען־טאנץ! (פון קארידאר הערט זיך צימבאל־שפיעל) אנו דיאפריע, טהו נור א ציה די קייט. זאל דער בער ווייזען וואס ער קען לכבוד זיין עקסעלענץ לייבקע.

ד י א פ ר י ע: (טהוט א ציה די קייט) אויף אלע פיער, בערעלע. אט אזוי! אט אזוי! (בער טאנצט אויף אלע פיער. געלעכ־טער; טומעל).

פ י ר ש ט: נו? ווי געפעלט דאס זיין עקסעלענץ לייבקע? דער בער קען טאנצען. אפשר ניט אמת, מיינע פריינד? (לאכט) כא, כא, כא! דער בער קען טאנצען אויף די הינטערשטע אויך, ניט נור אויף אלע פיער. אנו, דיאפריע!

ד י א פ ר י ע: (ציהט די קייט) אויף די הינטערשטע, בערעלע, אויף די הינטערשטע. (דער בער שטעלט זיך אויף) אט אזוי! אט אזוי! (געלעכטער).

פ י ר ש ט: מיר טרוקענט אין האלז, חברה, מיר טרוקענט אין האלז. אייך ניט? דיר ניט? און דיר ניט? וועמען עס טרו־קענט ניט אין האלז וועל איך די אויגען צוהאקען מיט מיינע אייגענע הענד. ברענגט ווייו! ווייו האב איך געזאגט!

(א דיענער לויפט ארויס און א ביסעל שפעטער קומט ער צוריק מיט א גרויסען זילבערנעם קרוג און עטליכע בעכערס. דער בערען־טאנץ געהט אן).

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר: (שטילערהייט) דיאפריע, ווער איז דאס?

פ י ר ש ט: וואס איז דארט? וואס בורטשעסטו, דו, חזיר'ישע מארדע? וואס וויל ער, דיאפריע?

ד י א פ ר י ע: דער הערר הויף־מייסטער וויל וויסען ווער דער בער איז.

פ י ר ש ט: אזוי! ער וויל? וואס איז דאס זיין טאטענס

עסק? הא? דיאפריע, מיר וועלן איהם ניט אויסזאגען. דאס איז א סוד צווישען אונזביידע. ניט אמת אפשר, דו הינטישער פרצוף? דו האסט איהם טאקי געבראכט צופיהרען, אבער דאס איז געווען מיין קאפ. וואס האב איך דיר געזאגט, דיאפריע? דיאפריע, האב איך דיר געזאגט, געה אראפ אין קרע — — — אהא! שיער זיך ניט ארויסגעכאפט. קיינער וועט ניט טרעפען וואו איך האב דעם בער געכאפט. אויב אימיצער וועט יא טרעפען, כאפט ער פון מיר א קנאק אין דער מארדע אז ער וועט אויס־שפייען די צייהן. א סוד, זאג איך, א סוד! נו גיסט אן! טרינקט! דיאפריע, מירביידע טרינקען פון איין בעכער. איך א זופ, דו א זופ. אט אזוי! מיר זיינען פריינד, דיאפריע, מיר זיינען ברידער. ניט אמת? (אלע טרינקען; געלעכטער).

ש ט י מ ע ן: (פון קארידאר) א קאזאטשקע! א קאזאטש־קע!

פ י ר ש ט: שטיל זאל זיין, חזירים! וואס ווילט איהר? א קאזאטשקע? נו, דיאפריע, דו און דער בער וועלען טאנצען א קאזאטשקע. דאס פאלק פארלאנגט א קאזאטשקע, דאס פאלק פאר־לאנגט. (צימבאל־שפיעל).

ד י א פ ר י ע: (פארקאטשעט די פאלעס און הויבט אן טאנ־צען, שרייענדיג) טרעט אב! מאכט אביסעל גראמער! (דער בער באוועגט זיך קוים).

פ י ר ש ט: ער טאנצט ניט, דיאפריע, ער טאנצט ניט. דערלאנג איהם מיט'ן שטאנג. אזוי! נאכאמאל! און טאקי נאכ־אמאל!

ד ע ר ב ע ר: (טהוט זיך פלוצלינג א ווארף אויף די קניעס) ניטא מעהר קיין כח, גנעדיגער פירשט! זאל שוין זיין גענוג.

פ י ר ש ט: פארמאך דאס מויל, פארכעוואטער איד! קיין ווארט ניט רעדען! הערסט? איך היים טאנצען א קאזאטשקע, טאנצ'ושע. אימיצער איהם דערקענט? הא?

שטימען: זימעל! זימעל דער שענקער! כא, כא, כא! (געלעכטער).

פירשט: אזא סוואלעטש! אזא אידיאט! קאליע גע־מאכט דעם גאנצען שפאס. עט, געה האב צו טהון מיט א אידען.

דיאפריע: ער קען נאך ניט די מלאכה. איך וואלט איהם אויסגעלערנט.

פירשט: גוט, זעהר גוט! נעהם איהם אין דער ארבייט. אלע זונטאג ברענג איהם צושלעפען אין שטאל אריין און לערן איהם. פארשטעהסט? אט אזוי, מיט דער בייטש. איך אליין וועל דיר העלפען. איצט פיהר איהם אב אהיים. יא, מארגען שיק איהם צוויי זעק ווייץ און אן אינדיק. אומזיסט אמוזירט זיך ניט דער פירשט.

זימעל: (צו לייבקען, וועלכער איז געשטאנען די גאנצע צייט ווי פארשטיינערט) נו, וואס זאגסטו, לייבקע?

פירשט: ווער וואגט עס צו עפענען דאס מויל ווען איך בין דא? פיהר איהם ארויס, דיאפריע, אז ניט וועל איך פון איהם מאכען האק־פלייש. (הויבט זיך אויף און וויל א בריק טהון זימלען מיט זיין פוס, פארליערט דאס גלייכגעוויכט און צוויי פון די געסט כאפען איהם אונטער די ארעמס) זיך שיער ניט אויסגעגליטשט, הא? (דיאפריע און זימעל אב) נו, אפשר אביסעל צופיעל אריינגעגאסען. און אפשר ניט. נו, געהן מיר. איהר דארפט מיך ניט אנהאלטען. שוין אויסקומען אהן אייך. (מען פיהרט איהם צו דער טהיר) אה, גאר פארגעסען. (דרעהט זיך אויס) מען מוז זיך געזעגענען מיט זיין עקסעלענץ, זיין עקסע — — ווי, צום טייוועל, הייסט ער עס דארטען? אט דער גרויסער פאראבאק, דער באריהמטער שיי־סער, — גאר פארגעסען. דער בערען־פעלץ איז זיינער — דער־הרג'עט א בער מיט דער האק — אט אזוי! א גרויסע זאך, מיינע פריינד, א גרויסע זאך. אה, צום טייוועל, ווי הייסט ער עס דארט? אה, יא, לייבקע. זיין עקסעלענץ לייבקע. ניט געוואלט

קומען צום פירשטס געבורטס־טאג. אונז ניט געוואלט אנטהון דעם כבוד. נו, האבען מיר איהם געבראכט דאס שפעקטאקעל אהער. א פיינער שפעקטאקעל געווען. הא? לייבקע, זיין עקסעלענץ לייבקע. כא, כא, כא! (געלעכטער, טומעל. אלע אב).

ל י י ב ק ע : (שטעהט אלץ אונבאוועגליך. דער טומעל ווערט שוואכער, שטארבט אב. דער פארהאנג פאלט אויף איין מינוט).

(ווען דער פארהאנג הויבט זיך ווידער אויף, איז אלעס שטיל און רוהיג. די פייערען אין הויף זייבען אויסגעלאשען).

ל י י ב ק ע : (שטעהט פאר דעם איקאן, אין דער וואנד לינקס און פארהילט איהם מיט א וויין־באפלעקטען טישטוך וואס ער האט ארונטערגענומען פון טיש. ער געהט דאן צו צום קאמאד, נעהמט ארויס פון שופלאד א תפלין־זעקעל און פון תפלין־זעקעל, א סדור. ער עפענט עס, לעגט ארויף די האנד אויף די אויגען ווי צו „שמע ישראל" און הויבט אן לייענען „קריאת שמע" שטילערהייט).

(פלוצלינג הערט זיך ווי א שליסעל דרעהט זיך איבער אין א שלאס. פויזע. ווען לייבקע הויבט אויף די אויגען, דערזעהט ער די פירשטין עלענא, שטעהענדיג צווישען די רויט־פלושענע גארדינען וואס באצירען דעם איקאן אין דער וואנד לינקס. זי איז אנגעטהון אין א ווייסען נעגליזשע־מאנטעל, רייך־באשפיצט).

ל י י ב ק ע : (קוקט אויף איהר מיט אן אונרוהיגען, כמעט־דערשראקענעם בליק).

ע ל ע נ א : (שמייכעלט מיט האלב־ארונטערגעלאזטע אויגען. קורצע פויזע. דאן) וואס שטעהסטו אזוי פארשטיינערט, לייבקע? (לאכט שטיל) דאס איז ניט קיין שד. דאס בין איך, די פירשטין עלענא.

ל י י ב ק ע : אבער — — אבער — — — —

ע ל ע נ א : אבער וואס? דו האסט ניט געוואלט קומען צו מיר. נו, בין איך געקומען צו דיר.

ל י י ב ק ע : איך קען ניט פארשטעהן. וואס ועט — — ?
האסטו אין גאנצען פארגעסען ווער —

ע ל ע נ א : פארגעסען. אין גאנצען פארגעסען. דאס איז א וואונדערליכער געפיהל אין גאנצען צו פארגעסען. אויב ניט תמיד, כאטש אמאל, פון צייט צו צייט. הלואי, וואלסט דו דאס געקענט, לייבקע.

ל י י ב ק ע : איך? ניין. איך קען ניט.

ע ל ע נ א : אויב אזוי, וועל איך דיך לערנען. דיר פעהלט עטוואס, לייבקע. דיר פעהלט דער ראמאנטישער חוש.

ל י י ב ק ע , מיר פעהלט דער וואס?

ע ל ע נ א : (לאכט) אה, ענטשולדיג, לייבקע. האסט אין דיין גאנצען לעבען מסתם דאס ווארט ניט געהערט. אבער ס'מאכט ניט. ביי מיר וועסטו שנעל לערנען, אויב דו וועסט נור ועלען.

ל י י ב ק ע : וואס לערנען?

ע ל ע נ א : לערנען ליעב צו האבען דאס לעבען, לערנען צו גנב'ענען אזוי פיעל גליק וויפיעל דו קענסט. נור ווארום בעטס־טו מיך ניט זיצען?

ל י י ב ק ע : ס'איז דיין הויז. זיץ אויב דו ווילסט.

ע ל ע נ א : (זעצט זיך אויף דער זאפא) א דאנק. אט נעהם מיין באזוך צו דיר. אויסטערליש! די פירשטין עלענא קומט צו איהר שטאלמייסטער אין מיטען דער נאכט; צו איהר שטאלמייס־טער און נאך דאצו א איד. אהא! ווען די וועלט ווערט געוואהר! ווען מען דערצעהלט ־אם דעם פירשט! נו, לייבקע, ליגט די וועלט איצט טויט־שכור ארום אונז. וואלסט זיי געמעגט זעהן אויסגעשטרעקט אויף די פאדלאגעס, אין די צימערן, אין די קארי־דארען. דער פירשליכער פאטער מיינער ליגט אויסגעצויגען אויף דער ערד און אין זיינע ארעמס ליגט דיאפריע דער היידעמאק און ביידע שנארכצען אויף א וועט. דער הויף־מייסטער ליגט און כרא־פעט אויף דער שוועל פון יאדוויגאס טהיר. (לאכט שטיל).

ל י י ב ק ע : איך האָב זיי פֿריִהער געזעהן, די שכור'ע חזירים. פֿוי! (שפּייט אויס).

ע ל ע נ אַ : (לאַכט) לייבקע, דו האָסט עקעלהאַפּטע מאַני־רען. אין גוטער געזעלשאַפֿט שפּייט מען ניט. יאָ, די שכור'ע חזירים, וואָס דו האָסט געזעהן, זיינען אַ מיאוס'ער שפּעקטאַקעל אָבער אַ פֿאַרשטענדליכער. אַזוי זוכען זיי זייער גליק. איך זוך עס אויף אַן אַנדערען וועג. זיי ווערען שכור פֿון בראַנפֿען; איך — פֿון דעם געדאַנק, אַז אונטער דעמזעלבען דאַך מיט מיר שלאָפֿט אַ יונגער וואַלד־גאָט.

ל י י ב ק ע : אַ וואַלד־גאָט?

ע ל ע נ אַ : יאָ, אַ יונגער וואַלד־גאָט אויף וועמעס ליפּען בליהען טויזענד ניט־געצייטיגטע קושען. (לאַכט לאַנג און שטיל) אַה, איך זעה, דו דערקענסט דיך ניט. דאָס איז דערפֿאַר וואָס דו האָסט דיך אַליין ניט געזעהן זיצענדיג אויף אַ פֿערד בשעת דו רייטסט אין וואַלד. איך האָב דיך געזעהן.

ל י י ב ק ע : (ציהט מיט די פּלייצעס) אַ וואַלד־גאָט? מיט טויזענד ניט־געצייטיגטע קושען? וואָס פֿאַר אַ מאָדנע שפּראַך דו רעדסט. אָבער איך פֿאַרשטעה. אַזוי הפּנים רעדט מען ביי אייך ווען מ'וויל באַהאַלטען עפּעס וואָס איז — — ניט — — — ניט שעהן. נו, איך וועל דיר זאָגען דעם ריינעם אמת, פּירשטין עלע־נאַ. איך מוז איינמאַל פֿאַר אַלעמאַל אַרויסקומען מיט אָפֿענע דבורים. וואָס דו פֿאַרלאַנגסט — — — —

ע ל ע נ אַ : (פֿאַרשטעלט זיך די אויערען) רעד ניט, לייבקע. איך בעט דיך, רעד ניט!

ל י י ב ק ע : פֿאַרוואָס ניט?

ע ל ע נ אַ : ווייל איך וויים וואָס דו ווילסט זאָגען און — (לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ) און איך שרעק זיך דערפֿאַר. איך שרעק זיך צו הערען די ווערטער פֿון דיינע ליפּען.

ל י י ב ק ע : ווי דו ווילסט. אויב ניט רעדען וועט מיין שווייגען רעדען פאַר מיר.

ע ל ע נ אַ : (הויבט זיך אויף און גייט צו צו איהם) לייבקע, האָסטו באַמערקט ווי אַזוי איך בין אַריינגעקומען אהער צו דיר?

ל י י ב ק ע : איך האָב בלויז געזעהן ווי דו ביזט פּלוצלינג אויסגעוואַקסען צווישען די גאַרדינען דאָ פאַר דעם איקאָן.

ע ל ע נ אַ : און דיך האָט גאָר ניט געוואונדערט?

ל י י ב ק ע : איך פאַרשטעה ניט.

ע ל ע נ אַ : (לאַכט) ווי געטליך אונשולדיג דו ביזט. קום און איך וועל דיר עפּעס ווייזען. (פיהרט איהם צו צום איקאָן, פאַרנעהמט די גאַרדינען אָן אַ זייט און מיט אַ דרוק פון איהר האַנד רוקט זיך דער איקאָן אָב אין דער וואַנד אַריין און עפענט זיך ווי אַ טהיר) דו זעהסט, די הייליגע מוטער שטעהט שוין דאָ יאָהרען־לאַנג און היט אָב אַ באַהאַלטענע טהיר. און אָט די שמאָלע טרעפּ איז אויסגעהאַקט אין דער וואַנד. דו זעהסט? און דאָרט אויבען אויף די טרעפּ איז דאָ נאָך אַ טהיר, אויך פאַרשטעלט מיט אַ בילד פון דער הייליגער מוטער און דאָס צימער איז מיין שלאָף־צימער. זייט פינף דורות האָבען אַלע פירשטינען פון אונזער הויז דאָרט געשלאָפען. היינט אָבער ווייסט קיינער ניט אין שלאָס וועגען די צוויי הייליגע טהירען אָדער וועגען די טרעפּ אין דער וואַנד, פון וואַנען זיי פיהרען און וואוהין. איך האָב דעם שליסעל געפונען אין אַן אַלט ציערונג־קעסטעלע איינגעוויקעלט אין אַ בוי־נען אַלטען פּאַפּיער און אויף דעם בויגען איז געווען געשריבען אין אַן אָבגעטאַקטער ווייבערישער האַנדשריפט: „האָב קיין מורא ניט, די הייליגע מוטער וועט דיך באַשיצען". אַה, וואָס פאַר אַ מוטיגע און קלוגע באַשעפעניש יענע באָבע מיינע איז געווען! און וויפיעל גליקליכע נעכט זי האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען אָט יענעם קליינעם שליסעל! (לאַכט) איך בין זיכער אַז זי האָט איצט דעם ליכטיגען גן־עדן.

ל י י ב ק ע : (קוקט אויף איהר אייניגע סעקונדען אַ צו־טומעלטער; דאַן) אַט צוליעב דעם — — צוליעב דעם האָסטו מיך געלאָזט ברענגען פון טורעם אַהער, אין דעם צימער אַריין?

ע ל ע נ אַ : (שווייגט אַ מינוט. פאַרמאַכט די טהיר, געהט צוריק צו דער זאָפאַ, וואו זי שטרעקט זיך אויס) יאַ, לייבקע, צוליעב דעם.

ל י י ב ק ע : (דרעהט זיך אַוועק און געהט צו צום פענסטער).

ע ל ע נ אַ : (טהוט אַ וואַרף דעם שליסעל צו לייבקען. ער פאַלט נעבען פענסטער מיט אַ הילכיגען קלונג).

ל י י ב ק ע : (דרעהט זיך שנעל אויס) וואָס איז דאָס?

ע ל ע נ אַ : דער שליסעל. דאַרט האָסטו איהם.

ל י י ב ק ע : (בויגט זיך אָן און הויבט איהם אויף. אייניגע סעקונדען באַטראַכט ער איהם און זיין בליק וואַנדערט פון דעם שלי־סעל אין זיין האַנד צו דער ווייסער געשטאַלט פון עלענאַ וואָס ליגט באַוועגונגסלאָז אויף דער זאָפאַ. דער אינערליכער קאַמף שפּיעגעלט זיך אָב אין דעם אונרוהיגען בליק פון זיינע אויגען. ענדליך געהט ער צו צו עלענאַן און שטעהט פאַר איהר מיט אַן אַרונטערגעלאָזטען קאָפּ).

ע ל ע נ אַ : דיר איז שווער צו רעדען, לייבקע?

ל י י ב ק ע : יאַ, זעהר שווער.

ע ל ע נ אַ : בייג זיך אָן נאָהענטער צו מיר. (נעהמט איהם אָן ביי דער האַנד און ציהט איהם אַרונטער צו זיך. לייבקע לאָזט זיך ביז ער שטעהט אויף די קניעס נעבען איהר) איצט וועט דיר לייכטער זיין, לייבקע.

ל י י ב ק ע : ניין, ס'איז ניט לייכטער; ס'איז שווערער. פירשטין עלענאַ! מיין ניט אַז — — מיין ניט אַז איך בין בלינד — — אַז איך זעה ניט ווי שעהן דו ביזט. מיין ניט אַז — — יאַ, אַט אין דער איצטיגער מינוט שרייט מיין פלייש און בלוט נאָך דיר. אָבער מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז אין דער מינוט וואָס איך ריהר דיך אָן, בין איך אויף אייביג פאַרלוירען. מיר איז שווער

צו געפינען ווערטער. אבער דו וועסט פארשטעהן. איך קען דיין געשטאלט ניט ארייננוועבען אין דעם חלום פון מיין לעבען. ניט דו וועסט מיר געבען זיהן און טעכטער. ניט דו וועסט מיר אקע־גען קומען ווען איך וועל אין אווענד צוריקומען פון וואלד. ניט דו וועסט וויינען צוקאפענס פון מיין בעט ווען איך וועל ודוי זאגען. וואס וועסטו זיין צו מיר? וואס? א שיינטעל אין א פינסטערער נאכט. איך וועל אייביג בענקען און אייביג חרטה האבען.

ע ל ע נ א : (בייגט זיך ארונטער צו איהם און לעגט ארויף איהרע הענד אויף זיינע אקסלען) וואס פאר א מאדנע ווערטער פון דעם מויל פון א יונגען וואלד־גאט! אייביג בענקען און אייביג חרטה האבען! (צולאכט זיך לאנג און שטיל) וואס איז אזוינס א י י ב י ג, לייבקע? דו ווייסט ניט. איך אויך ניט. אבער וואס א י צ ט איז ווייס איך יא. און דיך וועל איך אויסלערנען. (ציהט איהם צו צו זיך און קושט איהם לאנג און ליידענשאפטליך).

ל י י ב ק ע : (באפרייט זיך פון איהר, הויבט זיך אויף א צוטומעלטער; וויל רעדען און קען קיין ווערטער ניט געפינען. ער דערפיהלט דעם שליסעל אין זיין האנד און גיט איהם עלענאן שווייגענדיג).

ע ל ע נ א : דו ווילסט איהם אלץ ניט?

ל י י ב ק ע : (שווער אטהמענדיג) ניין. ניין. איך וויל איהם ניט. און — — און — — —

ע ל ע נ א : (לאכט) איך קען פיעלע וואס וואלטען זיך געוועזען געלאזט אויסשטעכען דאס רעכטע אויג איהם צו האבען איין מעת־לעת. (זיפצט) ארימע פירשטין עלענא. דיין כשוף האט זיך אבגע־טהון. לייבקע, האסטו אפשר געזעהן קנייטשען אונטער מיינע אויגען?

ל י י ב ק ע : איך ווייס ניט. איך האב ניט געקוקט אין דיינע אויגען.

ע ל ע נ א : ער האט ניט געקוקט אין מיינע אויגען. (ציהט מיט די פלייצעס) לייבקע, זיינען מיינע ליפען ניט מעהר גלאטיג אזוי ווי רויזען־בלעטלאך?

ל י י ב ק ע : (שווייגט).

ע ל ע נ א : לייבקע, האט זיך דאס בלוט אין דיינע אדערן ניט אנגעצונדען בשעת איך האב דיינע ליפען געקושט?

ל י י ב ק ע : יא. אבער ניט דיינע ליפען האב איך געקושט. איך האב דענצמאל געזעהן אן אנדערע.

ע ל ע נ א : (מיט שרעק) אן אנדערע?

ל י י ב ק ע : יא, אן אנדערע. איינע וואס זיצט אין דער היים און בענקט נאך מיר, נאך איהר מאן.

ע ל ע נ א : (שיסט אויס אין א ווילדען געלעכטער, דורך וועלכען עס כאפט זיך דורך א טאן פון היסטעריע. זי הויבט זיך אויף און הויבט אן שפאנען אויף און אב איבער'ן צימער) הייליגע מוטער מאריא! ניט מיך — זי האט ער געקושט. זי! ווי לעכערליך! וואס פאר א שרעקליכע קאמעדיע! א יונגער וואלד־גאט און פאר־ליעבט אין א אידישער מויד מיט רויטע הענד און א שוויסיגען לייב. בורדרר! שרעקליך! עקעלהאפט! (זי ציטערט ווי א סקרוך זאל דורכגעהן איהר גאנצען קערפער).

ל י י ב ק ע : דאס איז מיין ווייב, פירשטין עלענא, מיין שעהן קריינדעלע.

ע ל ע נ א : (שרייט) דיין ווייב? דיין ווייב? און אז זי איז דיין ווייב? הייליגע מוטער מאריא און אלע פערציג הייליגע! אט יענע איז מיין קאנקורענטקע! נו, וועלען מיר זי בעטען פלאץ מאכען. כא, כא, כא! (לאכט ווילד).

ל י י ב ק ע : גאט־זיי־דאנק! גאט־זיי־דאנק! איצט דער־קען איך דיך ווידער, פירשטין עלענא. איצט רעדסטו ווידעראמאל ווי עס פאסט דיר, ווי אלע דייניגע רעדען, ווען זיי קענען ניט קריגען וואס זיי ווילען. אזוי רעדען מענשען וואס פארמאגען דעם

גרויסען קולאק. אט אזוי רעדט דער פירשט וואס האט היידעמאַ־קעס מיט פיקעס און נאגאיקעס און טורעמס מיט אייזערנע טהי־רען. א מינוט פריהער ביזט דו געווען אזא ווייבע. דיינע ליפען האבען געזונגען ווען דו האסט ארויסגערעדט מיין נאמען. און איך — איך בין שיער ניט געפאלען. גאט־זיי־דאנק! גאט־זיי־דאנק! די וואנד צווישען מיר און דיר שטעהט ווידער, א וואנד, העכער און דיקער און שטארקער ווי די ווענד פון פירשטליכען שלאס.

עלענא: (שרייט) לייבקע! לייבקע! ניט דו! דו ביזט ניט זייערער! (וויל איהם אננעהמען ביי דער האנד).

לייבקע: (טרייסעלט זי אב מיט אן אויסדרוק פון עקעל אויף זיין פנים) לאז מיך אב! דו, מיט'ן פירשטליכען קולאק! אלץ דענקט איהר קענט איהר נעהמען, אלץ וואס איהר ווילט. (הויבט אן טאנצען דעם בערען־טאנץ, זיך הוידענדיג הין און צוריק) הא? געזעהן היינט אווענד דעם פירשטליכען שפעקטאקעל? דער פירשט האט זיך געוואלט משמח זיין. „דיאפריע, גנה ברענג זימלען!" און זימעל טאנצט און אין הארץ שעלט ער אייך מיט טויטע קללות. ער האט מורא פאר דעם שמאנג מיט דעם אייזערנעם שפיץ. אבער ליעב האבען אייך, וועט איהר זימלען ניט צווינגען. אהין קען דער קולאק ניט דערגרייכען. גאט־זיי־דאנק, ער קען ניט! ער קען ניט! ער קען ניט!

עלענא: (זעצט זיך ווידער אויף דער זאפא. מיט דער האנד גלעט זי דעם ארעם ביי וועלכען לייבקע האט זי פריהער אנגעכאפט און זי אבגעשטויסען. שטיל ווי פאר זיך) מיך אבגעשטויסען. (אטהעמט שווער) אט אזוי, אבגעשטויסען. (שמייכעלט) דער וואלד־גאט איז בייז, שרעקליך בייז. און דער וואלד־גאט איז אזוי שעהן ווען ער איז בייז. (הויבט אויף די אויגען צו איהם) וואלד־גאט, איך וויל דיר עפעס זאגען. די פירשטין עלענא איז זעקס־און־צוואנציג יאהר אלט און קיינמאל ניט, ניט איין־איינציג מאל אין איהר גאנץ

לעבען, האט זי ניט געפועל'ט אלץ וואס זי האט געוואלט. דו הערסט, וואלד-גאט? ניט איין־איינציג מאל! ווען זי איז אלט געווען זעכצעהן יאהר האט זי זיך אבגעזאגט פון א פרינץ און פון א טהראן, ווייל אזוי האט זי געוואלט. און ווען זי איז אלט גע־ווען זיעבצעהן יאהר האט זי זיך אוועקגעגעבען צו א יונגען, בליי־כען מאנאר אין א קלויסטער־גארטען אין פלארענץ — אלץ ווייל אזוי האט זי געוואלט. און איצט וויל זי דיך. וואלד־גאט, דו הערסט?

ל י י ב ק ע : (דרעהט זיך אוועק, געהט צו צום פענסטער און קוקט ארויס אין דער פינסטערער נאכט אריין).

ע ל ע נ א : (שטיל) לייבקע! (קורצע פויזע, עשוואס העכער און היסטערישער) לייבקע!

ל י י ב ק ע : (שווייגט און דרעהט זיך ניט אויס).

ע ל ע נ א : (הויבט זיך אויף, דערזעהט דעם וויין־קרוג אויף דעם טיש און גיסט זיך אן וויין אין א בעכער. זי נעהמט דאן ארויס פון בוזים א קליין פלעשעלע און גיסט אויס די פליסיגקייט אין בעכער אריין. געהט צו צו לייבקען) די פירשטין עלענא האט פארלוירען, לייבקע. דאס ערשטע מאל און דאס לעצטע מאל. אבער זי האט פארלוירען און זי גיט זיך אונטער. לייבקע, יונגער וואלד־גאט, איך וועל דיך באפרייען. די הייסע בליקען פון מיינע אויגען וועלען מעהר ניט ארויסרופען קיין כעס און קיין עקעל אויף דיין פנים. איצט וועל איך טרינקען צו דיין באפרייאונג, וואלד־גאט.

ל י י ב ק ע : (קוקט אויף איהר ערשטוינט).

ע ל ע נ א : יא. לייבקע, נאך א מינוט און דו וועסט זיין פריי. א בעכער וויין וועט אויסלעשען דאס פייער וואס דו האסט אנגעצונדען און מיר וועלען ביידע זיין פריי. קום, טרינק מיט מיר, לייבקע. קום טרינק מיט מיר פון איין בעכער אזוי ווי ליעבע פריינד. קום, לייבקע. (זי נעהמט איהם אן ביי דער האנד און פיהרט איהם צו נאהענטער צו דער זאפא; זי לאכט שטיל) ווי ליעבע פריינד!

(הויבט אויף דעם בעכער) מיין יונגער וואלד-גאט! פירשטין עלענא גיט דיך פריי! (טרינקט) און דאס איז פאר דיר, לייבקע.

ל י י ב ק ע: (נעהמט דעם בעכער) צו דיין געזונד, פירשטין עלענא! (וויל טרינקען).

ע ל ע נ א: (כאפט אן זיין האנד אין וועלכער ער האלט דעם בעכער) וואלד־גאט! (אייניגע סעקונדען פון שווערען שטיל־שווייגען) דו ביזט אזוי יונג און אזוי שעהן! (זי רייסט אוים דעם בעכער פון זיין האנד און גיט מיט איהם א ווארף; דער וויין גיסט זיך אוים; זי זינקט אויף די קניעס) הייליגע מוטער מאריא! איך דאנק דיר פאר איהם. מיך האסטו דאסמאל ניט באשיצט. אבער איך דאנק דיר פאר איהם! איך דאנק דיר!

ל י י ב ק ע: פירשטין עלענא! פירשטין עלענא! וואס — — — ?

ע ל ע נ א: דיך באפרייט, לייבקע. און מיך אויך. (וויל אויפשטעהן, טהוט א לייכטען קוויטש און פאלט אום).

ל י י ב ק ע: (כאפט זי אין זיינע ארעמס און לעגט זי אוועק אויפ׳ן זאפא) וואס איז געוועזן אין וויין, פירשטין עלענא? ניט — — — ?

ע ל ע נ א: יא, לייבקע. (צולאכט זיך היסטעריש) א דאנק דער אלטער קאמטעסע ביאנקיני. א פיינע און דעליקאטנע זאך לוין צו ווערען פון אונאנגענעהמע פערזאנען, האט זי געזאגט ווען זי האט דאס פלעשעלע מיר געגעבען. וואלד־גאט, וואו ביזטו? איך זעה דיך ניט.

ל י י ב ק ע: גאט מיינער! גאט מיינער! (לויפט ארוים. מען הערט זיין קול אין דרויסען רופען „הערר הויף־מייסטער!" „יאדוויגא!" עטליכע מאל).

ע ל ע נ א: (קאנוואולסיוו) וואלד־גאט, וואו ביזטו? וואלד־גאט!

(פון קאָרידאָר הערט זיך אַ געקלאַפּעריי פון טהירען און פאַר-
שטיקטע קולות).

ל י י ב ק ע : (קומט צוריק. ער געהט צו צום זאָפאַ).

ע ל ע נ א : (טאַפּט מיט דער האַנד ווי זי זאָל אימיצען זוכען ;
מורמעלט) וואַלד־גאַט, וואו ביזטו?

ל י י ב ק ע : (נעהמט איהר האַנד אין זיינער און שטעהט
שטיל מיט אַ פאַרקלעהרטען בליק. ער בלייבט אונבאַוועגליך).

(די טהיר רייסט זיך אויף. עס קומען אריין דער פירשט, דער
הויף-מייסטער, געסט, דיענער, טאַבלאָ.)

(פאָרהאַנג)

# פערטער אקט

(די „דריט־שטוב“ אין זימעלס קרעטשמע.)

(די שטוב איז פול מיט אידען, אידענעס, בחורים, קינדער. ארום דעם טיש זיצען בעלי־בתים. אנדערע שטעהן. אויבען־אן זיצט דער אלטער רב. הינטער איהם שטעהט דער לאנגער שמש. אין דעם ווינקעל, ביי דער הרובע, זיצט די סגי־נהור'טע. נעבען איהר, קריינדעל, דעם קאפ צוגעדעקט מיט א טונקעלער פאטשיילע. ארום זיי ווייבער אין שאלען, וואס שטעהן דערשראקענע און ברעכען די הענד שוויגענדיג. אויף אלע פנים'ער ליגט אויסגעגאסען א שטומער פחד; די באוועגונ־גען זיינען קאנוואולסיוו, אונזיכער, אומגעלומפערט; אין די אויגען גלאנצט א פארצווייפלונג וואס קען קיין ווערטער ניט געפינען.)

(די קהלה איז צונויפגערופען געווארען פאר פדיון שבוים. דער רב פארשרייבט יעדע ביישטייערונג אין דעם שטאדטישען פנקס און דער לאנגער שמש רופט אויס יעדען נאמען און די סומע. אויף דעם טיש ליגט א רויטע פאטשיילע מיט א הויפען גאלדענע מטבעות.)

דער לאנגער שמש: רבי משה אקסענהענדלער, זעקס רענדלאך פאר פדיון שבוים! (ער בייגט זיך אן צום רב ווען נאך א איד שטופט זיך צו און דערלאנגט דעם רב עטליכע מטבעות) וויפיעל, רבי? (דער רב זאגט איהם שטילערהייט און ער רופט אויס) רבי לייביש היות ח"י רענדלאך פאר פדיון שבוים! (ווי פריהער) אברהם ברוך דער קירזשנער, א רענדעל מיט זעקס גילדען פאר פדיון שבוים! (ווי פריהער) אבא הילל פון דער גרויסער מיהל, צעהן רענדלאך פאר פדיון שבוים! (א אידענע קומט צו; ווי פרי־הער) דאבריש די חלה־בעקערין, א רענדעל פאר פדיון שבוים!

ד ע ר ר ב : (הויבט אויף די אויגען פון דעם פנקס וואו ער האט געשריבען, דערזעהט אז קיינער קומט ניט צו; קורצע פויזע; דאן מיט באטאנונג) רבותי, נו?

ס ג י - נ ה ו ר 'ט ע : (מיט אן אומהיימליך קול) קינדער־לאך! האט גאט אין הארצען! קינדערלאך!

ד ע ר ר ב : וואו איז רבי מאטעל תאומים? הא? פקוח נפש, און דער גביר פון שטאדט איז ניטא.

ע ר ש ט ע ר ב ע ל - ה ב י ת : מ'האט נאך איהם גע־שיקט א שטאפעט. ער איז אוועקגעפאהרען מיט דריי טעג צוריק אין זיין גראלניע.

צ ו ו י י ט ע ר ב ע ל - ה ב י ת : וויפיעל פעהלט נאך, רבי?

ד ע ר ר ב : (רעכענט א מינוט) פעהלט נאך צוויי הונדערט מיט צוואנציג רענדלאך צו די טויזענד.

ע ר ש ט ע ר ב ע ל - ה ב י ת : אפשר וועט דאס זיין גענוג?

ד ע ר ר ב : דער הויף-מייסטער האט געלאזט וויסען אז מיט טויזענד רענדלאך וועט מען איהם אפשר אויסקויפען. איהר הערט? אפשר! ווילט איהר אייך דינגען פאר דעם פרייז פון א אידישער נשמה? הא?

ע ר ש ט ע ר ב ע ל - ה ב י ת : חלילה, רבי, חס וחלילה. איך בין מוסיף צעהן רענדלאך (גיט דאס געלד).

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : רבי אידעל סעגאל איז מוסיף צעהן רענדלאך פאר פדיון שבוים.

צ ו ו י י ט ע ר ב ע ל - ה ב י ת : רבי, זייט מיך אויך מזכה. (גיט דאס געלד).

ד ע ר ל א נ ג ע ר ש מ ש : רבי עוזר כ"ץ איז מוסיף פינף רענדלאך פאר פדיון שבוים.

(די סצענע ווערט פארטגעזעצט אייניגע מינוט ביז עס עפענט זיך

די מחיר און ס'קומט אריין דער גביר פון שטעטעל, רבי מאטעל תאומים. מען מאכט פלאץ פאר איהם נעבען רב).

ר ב י  מ א ט ע ל : איהר וועט מיר מוחל זיין, רבי. זיך ניט דערוואוסט פון דעם אומגליק ביז היינט אין דער פריה, ווען דער שליח איז געקומען. ס'איז טאקי אמת? די פירשטין האט זיך פארסמ'ט?

ד ע ר  ר ב : (הוידעט מיט'ן קאפ אויף יא).

ר ב י  מ א ט ע ל : און איז טאקי אוועקגעשטארבען? אווא! נור וואס'זשע וויל ער פון דעם יונגענמאן?

ד ע ר  ר ב : נקמה. וואס איז דא דער חדוש? א גוי, א פירשט און דאצו א טאטע וואס האט זיין איינציג קינד פארלוירען.

ר ב י  מ א ט ע ל : אבער — אבער — באגראבען לעבע־דיגערהייט? ניט געהערט געווארען (א שרעקליכער שטילשווייגען הערשט אייניגע סעקונדען).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע : (ברעכט פלוצלינג אוים אין איהר אונהיימליך קול) קינדערלאך! האט גאט אין הארצען! קינדערלאך!

ד ע ר  ר ב : איילט זיך צו, רבי מאטעל. דער הויף־מיים־טער האט אונז געלאזט וויסען אז אפשר, א פ ש ר, מיט טויזענד רענדלאך וועט מען איהם קענען אויסקויפען.

ר ב י  מ א ט ע ל : הונדערט האט איהר ביי מיר שוין. (נעהמט ארוים א בייטעל און הויבט אן אויסצעהלען).

ד ע ר  ר ב : (פארשרייבט. הויבט אויף די אויגען צום לאנ־גען שמש) נו? פארוואס רופסטו ניט אוים?

ד ע ר  ל א נ ג ע ר  ש מ ש : (בייז) איך רוף ניט אוים.

ד ע ר  ר ב : וואס הייסט?

ד ע ר  ל א נ ג ע ר  ש מ ש : איך זאג, איך רוף ניט אוים. זאל רבי מאטעל זיך אליין אויסרופען.

(ערשטוינונג).

ר ב י  מ א ט ע ל : וואס איז? ניט גענוג?

דער לאנגער שמש: ניין. אודאי ניט גענוג.

רבי מאטעל: רבי, איך בין מוסיף פינף־און־צוואנציג. (צעהלט אוים).

דער לאנגער שמש: אלץ ניט גענוג.

רבי מאטעל: נו, וואס'זשע קען איך טהון? בין איך מוסיף נאך פינף־און־צוואנציג.

דער לאנגער שמש: הגביר האדיר רבי מאטעל תאומים, ק"ן רענדלאך פאר פדיון שבוים!

דער רב: פעהלט מיר נאך זעקס־און־דרייסיג. (קורצע פויזע).

סגי־נהור'טע: (שטעהט אויף און קלאפענדיג מיט'ן שטעקען, געהט צו נאהענטער צום טיש) קינדערלאך! ווער וויל קויפען מיין חלק עולם־הבא פאר זעקס־און־דרייסיג רענדלאך? (פויזע) מאטעל, אפשר דו? (פויזע) איך האב מיין חלק עולם־הבא כשר פארדיענט. (פויזע) אידעל סעגאל, אפשר דו? עוזר כ"ץ, אפשר דו? קינדערלאך מיינע, האט גאט אין הארצען.

דער רב: (הויבט אויף די אויגען צום הימעל) רבונו של עולם, וואס זאגסט דו?

רבי מאטעל: (סוד'עט זיך שטילערהייט מיט די אנדערע בעלי־בתים; דאן) נו, נו, סגי־נהור'טע, מ'דארף ניט. שוין דא. רבי, פארשרייבט אויף דער סגי־נהור'טע צוויי מאל ח"י רענדלאך. איהר חלק עולם־הבא שענקען מיר איהר.

דער רב: (פארשרייבט. נעהמט צונויף די פאטשיילע מיט'ן געלד און גיט זי רבי מאטלען) אייך וועל איך מזכה זיין מיט דער מצוה צו טראגען דאס געלד. (הויבט זיך אויף) זימעל, דו קענסט דאך רעדען זיין לשון און ס'איז דאך דיין קינד. קום. רבי אידעל, רבי עוזר, רבי משה, קומט. מ'טאר ניט קיין צייט פארלירען. (אלע געהן צו צו דער טהיר; דער רב לעגט ארויף די האנד אויף דער מזוזה) שדי! גאט פון ישראל! קום דו אויך מיט אונז. (אלע אב).

(אַ שווער שוויגעניש ליגט אויסגעגאָסען אויף דער סצענע. אוי־גען זיינען אָנגעגאָסען מיט טרעהרען. אויפגעהויבענע הענד ציטערן. פּויזע).

דער לאַנגער שמש: (טהוט זיך פּלוצלינג אַ כאַפּ מיט ביידע הענד ביים קאָפּ און הויבט אָן זאָגען אַ קאַפּיטעל תהלים מיט הארצרייסענדיגען קול) לדוד! ריבה אדוני את יריבי — לחם את לוחמי — החזק מגן וצנה — וקומה בעזרתי — אוי, גאָטעניו, אוי, גאָטעניו! — וקומה בעזרתי — — —

(עטליכע כאַפּען אויף דעם געשריי „אוי, גאָטעניו, אוי, גאָטעניו! וקומה בעזרתי". מענער זאָגען תהלים. ווייבער כליפּען. דער ספּאַזם וואָס פּאַנגט זיך אָן אויף אַ הויכער, שאַרפער נאָטע, ווערט צוביסלאַך שוואַ־כער ביז עס הערט זיך בלויז אַ שטילער מורמלען).

קריינדעל: (האָט זיך וועהרענד דער סצענע אויפגעהויבען, אָנגעטהון אַ שאַל און זיך געלאָזט געהן צו דער טהיר).

סגי־נהור'טע: קריינדעלע, וואו ביזטו? הא? וואו־הין געהסטו?

קריינדעל: צום פּירשט נעה איך.

סגי־נהור'טע: צום פּירשט געהסטו?

קריינדעל: מיט גאָלד וועלען זיי איהם ניט אויס־קויפען. דער פּירשט האָט גענוג גאָלד. מיט ווערטער וועלען זיי איהם ניט אויסבעטען. דער פּירשט וועט זייערע ווערטער ניט הע־רען. אַ לעבען פאר אַ לעבען וויל ער. אַ לעבען פאַר אַ לעבען. איך וועל איהם מיינס אָנביעטען.

סגי־נהור'טע: (שרייט) אידען, לאָזט זי ניט! קריינדעלע, גאָט איז מיט דיר. (עטליכע לויפען צו און פאַרשטעלען קריינדלען דעם וועג).

קריינדעל: גאָט איז מיט מיר! גאָט איז מיט מיר! (שרייט) וואו? וואו איז ער מיט מיר? וואָס האַלט איהר מיך? וואָס האָט איהר מורא? זי האָט זיך געמעגט צוליעב לייבקען אומ־

ברענגען און איך ניט? פארוואס ניט? זי יא און איך ניט? פאר־וואס ניט? זי האט איהם ניט ליעבער געהאט ווי איך. ניין! זי האט איהם ניט ליעבער געהאט ווי איך! (ווערט היסטעריש).

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע: בארוהיג דיך, קריינדעלע, בארוהיג דיך. לייבקע וועט האבען גרויסע יסורים. איין צרה איז ניט גענוג? וואס הייסט דו וועסט דיין לעבען אוועקגעבען? ס'איז דען עפעס דיינס אוועקצוגעבען? קריינדעלע! און אין גאט האסטו אין גאנ־צען פארגעסען?

ק ר י י נ ד ע ל: (יאמערט שטילערהייט) גאט האט אן מיר פארגעסען. מיר דעם קאפ צוגעדעקט און לייבקען אוועקגעגעבען דעם תליון אין די הענד אריין. פארוואס קומט מיר דאס? פארוואס קומט מיר דאס?

ס ג י ־ נ ה ו ר ' ט ע: (פיהרט זי צוריק צום ווינקעל ביי דער הרובע) שא! שא! הער אויף זינדיגען. ביז דער לעצטער מינוט טאר מען ניט פארלירען דעם בטחון. דו הערסט? בטחון! בטחון!

(פון דרויסען דערהערט זיך א טומעל. באלד ווערט די טהיר אויפ־געמאכט און עס קומען אריין אין גרויס איילעניש, דער רב, זימעל און די אנדערע בעלי־בתים. נאך זיי דער הויף־מייסטער. אלע זיינען אתן אן אטעם. די אויגען דריקען אויס א הילפלאזען פחד).

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר: גאט־זיי־דאנק! גאט־זיי־דאנק! מיר זיינען צוריק אונטער א דאך. ווען איך האב אייך דערזעהן ביי דעם טויער פון שלאס, איז מיר די נשמה ארויסגעפאלען. אה, ברידערלאך, ברידערלאך, וואס פאר אן אומגליק ס'איז אויף אונז אויסגעגאנגען. גאט מיינער! גאט מיינער!

ד ע ר ר ב: פרעגט איהם וואס ס'האט פאסירט? פאר־וואס האט ער אונז ניט געלאזט אריינגעהן צום פירשט?

ז י מ ע ל: הערר הויף־מייסטער, דער רבי וויל וויסען — מיר אלע ווילען וויסען — —

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר: איך פארשטעה, איך פארשטעה,

ברודערקע זימעל. דער אַלטער רב דאָ, דער הייליגער מאַן אייערער, מיינט דאָך ניט אַז איך האָב געטהון עפּעס רשעות. איך בין ניט פון אייערע, אָבער איך בין דאָך אַ מענש מיט אַ הארץ. איך האָב אויך מורא פאַר גאָט און לייבקען האָב איך ליעב ווי אַן אייגען קינד. דיר, זימעל, דאַרף איך דאָך ניט דערצעהלען —

ז י מ ע ל : אָבער זאָגט אונז וואָס — — ?

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : יאָ, יאָ. איהר ווילט וויסען פאַר־וואָס איך האָב אייך ניט צוגעלאָזט צום פירשט. הא ? גאָר פאַר־געסען. דער קאָפּ איז דערשלאָגען. אַה, גאָט מיינער ! נו, זאָג דעם אַלטען רב, דעם הייליגען מאַן אייערען, אַז איך האָב אייך אַלעמען געראַטעוועט פון אַ זיכערען טויט.

ד ע ר ר ב : (וועמען רבי מאָטעל זאָגט איבער אין אויער אַריין וואָס דער הויף-מייסטער רעדט) אונז ? פון טויט ?

ה ו י ף ־ מ י י ס ט ע ר : זייט די פירשטין האָט זיך פאַר־סמ'ט דרעהט ער זיך אַרום ווי משוגע. שוין דריי טעג און דריי נעכט ניט געשלאָפען און ניט געגעסען. איי, ווען איהר זעהט איהם ! ווילד, זאָג איך אייך, ווילד ווי אַ וואָלף אין מיט־ווינטער. לויפט אַרונטער אַלעמאָל צו לייבקען אין תפיסה און שרייט: „ניט גע־וואָלט מיין עלענאַ אויף דער וועלט וועל איך דיך שיקען מיט איהר אויף יענער וועלט. מיט איהר אַ לעבעדיגען באַגראָבען !“ און ער שרייט און שרייט אַזוי לאַנג ביז ער פאַלט אַוועק פון רציחה מיט שוים אויף די ליפּען. איך האָב געמיינט אַז אַ טאָג־צוויי און דער כעס וועט איהם איבערגעהן. ווייס איך וואָס ! עס ווערט ערגער. היינט אין דער פריה בין איך צו איהם אַריינגעגאַנגען. איך זאָג איהם : גנעדיגער פירשט, אַ גאָט־זאַך איז אַ גאָט־זאַך. וואָס איז דאָ צו רעדען ? טהוט ער אַ געשריי : „וואָס'זשע רעדסטו ? וואָס ווילסטו ?“ זאָג איך : נו, פון טויט לעבעדיג קען קיינער ניט מאַ־כען נאָר גאָט אַליין. אָבער פון לעבעדיג, טויט — זעהט איהר, דאָס איז שוין אַן אַנדערע זאַך. דאָס קען אַ מענש אויך. נור וואָס

דען? אַ מענש מוז האָבען רחמנות. דאַצו נאָך, זאָג איך, וועלען דיינע אידען, דיינע אייגענע געטרייע אידען, געבען טויזענד רענדלאַך ריין גאָלד אויב — —. נור ער לאָזט מיך אפילו ניט אויסרעדען. „וואָס?" שרייט ער אַזוי ווי איך וואָלט איהם געקוילעט; „וואָס? עלענאָס טויטען קערפּער געהט מען באַלד פיהרען אין קבר אריין און זיי ווילען זי ביי מיר אָבקויפען פאַר טויזענד רענדלאַך?" און ער האָט זיך צו מיר אַ לאָז געטהון מיט דער בייטש נור מיך צו צוקאַטעווען. איך אָבער בין געשטאַנען רוהיג און ער האָט זיך פּלוצלינג אָבגעשטעלט און אַ זאָג געטהון: „הער אויס! אויב אַ איד וועט זיך אונטערשטעלען היינט צו קומען אין שלאָס אָדער אפילו צו ווייזען זיין פּרצוף אין גאַס וועל איך איהם צערשניידען אויף שטיקלאַך און איהם וואַרפען פאַר די חזירים. איך וויל ניט זעהן אַ איד פאַר די אויגען ביז איך וועל זיי ביידע ניט באַגראָבען. פאַרקויפען די נקמה פאַר עלענאָס שרעקליכען טויט פאַר טויזענד רענדלאַך? האַ? וואָס וואָלט מיין עלענאַ געזאָגט דאַצו? האַ?" און ער האָט מיך אָנגענומען ביים קאַרק און מיך ארויסגעוואָרפען. אָט אַזוי! נו, וואָס'זשע האָב איך געקענט טהון? און ווען איך האָב אייך דערזעהן ביים טויער, האָט מיט מיר אָנגעהויבען וואַרפען הענד און פיס. איין אומגליק, קלעהר איך מיר. איז ווענייג, אָט האָסטו דיר נאָך. נו, זיינען מיר אַלע געלאָפען און, גאָט-זיי-דאַנק, מיר זיינען דערלאָפען.

ז י מ ע ל: איך פאַרשטעה נאָך אַלץ ניט, הערר הויף-מייסטער. ער רעכענט טאַקי צו באַגראָבען אַ מענשען לעבעדיגערהייט? (שרייט) לעבעדיגערהייט?

ש ט י מ ע ן פ ו ן ד י א ר ו מ י ג ע: טאַקי באַגראָבען לעבעדיגערהייט? לעבעדיגערהייט? לעבעדיגערהייט?

ה ו י ף - מ י י ס ט ע ר: איי, ברידערלאַך, ברידערלאַך, וואָס קענט איהר טהון? וואָס קען איך טהון? איך האָב זיך היינט פאַרטאָג געזעהן מיט לייבקען אַליין. איך האָב איהם דערלאַנגט

מיין מעסער און איהם געזאָגט: לייבקע, טאָמער געלינגט ניט מיט די טויזענד רענדלאַך און די ביטערע שעה קומט, איז איידער ווער־וואס־ווען, ווייסטו וואס דו האסט צו טהון. בעסער ווי לעבעדיגער־הייט אין קבר אריין. האט ער ניט געוואלט. ניין, ניט געוואלט. ער האט געזאָגט, אז אייער רעליגיע לאָזט ניט. אזוי צו אזוי, האט ער געזאגט, איהם איז קיין חלוק ניט.

זימעל: הייסט עס, אז ער ווייסט אויך אז מ׳געהט איהם אריינלעגען א לעבעדיגען אין קבר אריין! ער ווייסט און גאָרניט! (שרייט) לעבעדיגערהייט!

שטימען: לעבעדיגערהייט! לעבעדיגערהייט! לעבעדי־גערהייט!

דער רב: גאָט וועט איהםביישטעהן.

הויף־מייסטער: ער האט מיר אנגעזאָגט אייך עפּעס צו זאָגען, אַט טאַקי דעם אלטען רב דאָ. ער האט געזאָגט אז ער שטאַרבט אָהן קינדער. זאָל מען זעהן אז מען זאָל נאָך איהם זאָגען א געבעט, א — א — איך קען ניט נאָכזאָגען — א —

רבי מאָטעל: מסתם א קדיש.

הויף-מייסטער: יאָ, יאָ, דאָס איז דאס וואָרט. נור ניט בלויז אויף איינמאָל, נור מ׳זאָל פאַרשרייבען אויף אלע יאָהרען דעם טאָג וואס ער איז געשטאָר — — איך מיין — — אוי, גאָט מיינער (צואווייגט זיך) — איך מיין דעם טאָג — — —

דער רב: זאָגט איהם, אז טאָמער זעהט ער נאָך לייב־קען א לעבעדיגען, זאָל ער איהם זאָגען אז ניט נור מיר נור אלע אונזערע דורות נאָך אונז וועלען וויסען אז צווישען אונז האט געלעבט א גרויסער קדוש — — —

(פון דרויסען הערט זיך פלוצלינג דער קלאַנג פון קירכען־גלאָ־קען. אלע ווערען פאַרשטומט).

הויף־מייסטער: אַט קומט די פּראָצעסיע פון שלאָס. איך מוז געהן, ברידערלאַך. נור איך בעט אייך, ווי גאָט

איז אייך ליעב, געהט ניט ארויס פון דאנען. זאל ניט סלעפען נאך אומזיסטיגע בלוט אויף אונזערע הענד. (אב).

(לאנגזאם, ווי געצויגען פון א באהאלטענער האנד, רוקען זיך אלע צו נאהענטער צום פענסטער. די גלאקען קלינגען. עס הערט זיך דאס זינגען פון גלחים. אויף דער ביהנע איז אלץ שטום).

ד ע ר  ל א נ ג ע ר  ש מ ש : (טהוט פלוצלינג א געשריי מיט אן אונהיימליך קול) אט איז לייבקע!

ז י מ ע ל : (ווי פריהער) אויף א קייט!

ר ב י  מ א ט ע ל : (ווי פריהער) א בארוועסער!

ק ר י י נ ד ע ל : מיט דעם קאפ אויפגעהויבען און דאס גוטסקייט פון דער וועלט אין זיינע אויגען. לייבקע, נעהם מיך מיט דיר! (פאלט מיט'ן קאפ צו דער וואנד).

ד ע ר  ר ב : (אין עקסטאז) לייבקע, לייבקע! איך בין דיך מקנא! (געהט צו שנעל צום טיש, זעצט זיך, טונקט איין די ווייס־געגזענע פעדער אין טינט און הויבט אן שרייבען אין דעם אפענעם פנקס. טאבלא).

(די ביהנע ווערט טונקעלער. דער פארהאנג פאלט לאנגזאם. עס הערט זיך נאך אלץ דאס קלינגען פון די קלויסטער־גלאקען. שטילע מוזיק — דיזעלבע וואס איז געשפיעלט געווארען פאר'ן פראלאג — און דער פאר־האנג געהט ווידער אויף. די סצענע איז דאס וועלדעל אויף דעם שפיץ בארג. די גרופע איז דיזעלבע ווי צום שלוס פון פראלאג. א שטארק ליכט שיינט פון די פענסטעלערלאך פון אוהל).

ע ר ש ט ע ר  ז ק ן : (לייענט נאך אלץ אין פנקס) — — — —

— — — און אט די צעהן וועמעס נעמען עס ווערען דא אויף אייביג פארשריבען, האבען אויף דער דריטער נאכט איהם אויס־געגראבען, איהם מטהר געווען, איהם אנגעטהון תכריכים און גע־מאכט א שטיינערנע מחיצה צווישען איהם און דעם גוף פון דער פארסמ'טער פירשטין. און ווייל זיי האבען דאס געטהון ביינאכט אין דער פינסטער האט מען זיי גערופען דאס שווארצע מנין. און

שפעטער מיט יאָהרען האָט אַ גוטער פירשט געלאָזט אויסגראָבען די ביינער פון דער פאַרסמ'טער פירשטין און זיי איבערגעפיהרט אין אַ נייער צערקוואַ, וואָס ער האָט איינענס געלאָזט אויסבויען. ערשט דענצמאָל האָט די קהלה קדושה געלאָזט אויפשטעלען אַ בית, וואָס זאָל זיין אַ ציון אויף דעם קבר פון דעם יונגען קדוש און זאָל בלייבען לזכר עולם. זיין זכות זאָל אונז ביישטעהן, אונז און אונזערע קינדער און אונזערע קינדס־קינדער, אָמן סלה. (הויבט אויף די אויגען פון פנקס און קוקט זיך לאַנגזאַם אַרום).

צ ו ו י י ט ע ר ז ק ן : (צום קליינעם אינגעלע אויף זיין שוים) האָסטו געהערט?

ק ל י י ן א י נ ג ע ל ע : (הוידעט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ).

ע ר ש ט ע ר ז ק ן: און וועסט קיינמאָל ניט פאַרגעסען?

ק ל י י ן א י נ ג ע ל ע : איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

ע ר ש ט ע ר ז ק ן : (אַ פאַרטראַכטער) ער וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסען, ניט ער און ניט זיינע קינדער און ניט זיינע קינדס־קינדער אויף אייביג און אייביג. נו, קדיש!

צ ו ו י י ט ע ר ז ק ן : (הויבט זיך אויף און פיהרט צו דאָס קליינע אינגעלע צו דער מצבה) זאָג קדיש.

ק ל י י ן א י נ ג ע ל ע : יתגדל — ויתקדש — שמיה — רבא — בעלמא — די־ברא — — — — —

(דאָס קול פון אינגעלע הערט זיך נאָך אייניגע סעקונדען, וועהרענד די ביהנע ווערט פינסטער און דאָס בילד פאַרשווינדט).

(פאָרהאַנג)

## פערזאָנען:

י ו ס י  פ ו ן  י ו ק ר ת, אמורא אין ארץ־ישראל.
י ל ת א, זיין פרוי.
א ו ר ז י ל א, זייער טאָכטער.

א ב א  י ו ד ן
ש י ל א
פ פ א
א ב י נ א
ד ו ס ת א י
} תלמידים פון דעם אמורא

ע י ל י ש, אַ נזיר.

---

אָרט: — יוקרת וואָס איז אין גליל, אין דעם שוים פון די לבנון בערג.
צייט: — אנפאנג פון פערטען יאהרהונדערט.

---

צווישען ערשטען און צווייטען אַקט פארגעהן דריי טעג.
צווישען צווייטען און דריטען — פיער וואָכען.
צווישען דריטען און פערטען — בלויז איינינע שטונדען.

# ערשטער אקט

(אַ גאָרטען פאַר דעם הויז פון ר׳ יוסי פון יוקרת. אין הינטערגרונד, אַ הויכער פּעלזען. אין דער רעכטער זייט איז ער שטאַרק משופּע און זינקט אין אַ טיפען אָפּגרונד. לינקס, לויפענדיג ביי דעם גאָרטען־פּלויט, אַ סטעטשקע צו דעם וואַלד, וואָס באַדעקט דעם באַרג. די סטעטשקע גרענעצט זיך אָן אַ ברייטען וועג וואָס לויפט, איבער דער ברייט פון דער ביהנע, פאַר דעם פּלויט פון גאָרטען.

נאָהענט צום הויז שטעהט אַ ניעדריגער, ברייטער עפּעל־בוים. אונטען, אַרום דעם שטאַם, אַ רונדע, ניעדריגע באַנק. די צווייגען פאַרשטעלען דאָס לעצטע פענסטער פון אויבערשטען שטאָק, לינקס. אין דרויסען ביים פּלויט, נים ווייט פון טויער, געפינט זיך אַ ברייטע גראָז־באַנק.

דער טויער איז אָפען. די זון הויבט זיך נור־וואָס אָן נייגען אין מערב־זייט).

י ל ת א : (זיצט אויף דער באַנק אונטער דעם עפּעל־בוים און שפּינט).

ע י ל י ש  ד ע ר  נ ז י ר : (קומט לאַנגזאַם אַרונטער פון דער וואַלד־סטעטשקע, בלייבט שטעהן ביים טויער) די ברכה פון גאָט אויף דיר, ילתא, ווייב פון דעם גרויסען ר׳ יוסי. דיין שפּינדעל דרעהט זיך פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַזאַ ווייב איז טייערער פון פּערל.

י ל ת א : (הויבט אויף דעם קאָפּ) דו, עיליש? דו ביזט איצט אַ זעלטענער גאַסט אין יוקרת. ווען ביזטו אַרויסגעקראָכן פון דיין הייל?

ע י ל י ש : מיין הייל האָב איך פאַרלאָזען היינט, ווען די זון

איז אויפגעגאנגען. איך געה איהר נאך אויף איהר וועג פון מזרח קיין מערב.

י ל ת א : (לאכט) נאכלויפען דער זון איז בעסער ווי גראבען דעם וויינגארטען. הא?

ע י ל י ש : דער גאנצער שכל פון א פרוי ליעגט הפנים בלויז אין שפינדעל. דו הערסט א טענה? גאר גראבען דעם וויינגארטען? ערשטענס האב איך ניט קיין וויינגארטען. צווייטענס בין איך א נזיר, דארף איך ניט קיין וויינגארטען. דריטענס איז איצט ניט די צייט צו —

י ל ת א : מוחל, מוחל! לויף נאך דער זון וויפיעל דיין הארץ גלוסט. מיר געפעלט דא בעסער אין שאטען.

ע י ל י ש : איך בין אן אלטער מאן און איך האב ליעב די זון. זי טראגט א רפואה אין איהרע פליגלען. אט קומען באלד די טריבע רעגען־טעג, מוז מען זיך מיט איהר געזעגנען.

י ל ת א : (לאכט) דו בוקסט זיך צו דער זון ווי אן אמת'ער געצען־דיענער. גיב אכטונג. ווען דער גרויסער ר' יוסי וועט דאס געוואהר ווערען, וועט ער אויף דיר גוזר זיין אלע פיער מיתות מיט איינמאל.

ע י ל י ש : דער גרויסער ר' יוסי איז בלויז אזוי שטרענג מיט זיינע אייגענע. אלץ וואס איז ר' יוסי'ס מוז זיין ריין, גערעכט און גאטספורכטיג. די וועלט דערצעהלט אז אפילו זיין אייזעל איז א גרויסער צדיק. און חלילה וחלילה, ווען עמיצער פון זיינע פארבלאנדזשעטע פון גלייכען וועג, דאן באשטראפט ער מיט א שווערער האנד. איך אבער — ווער בין איך? עיליש דער נזיר; א ווארעם וואס קריכט אין א הייל אונטער דער ערד. א פרעמדער בין איך צו דעם גרויסען פעלזען פון גליל. ביי איהם בין איך ווייניגער ווי זיין גאטספורכטיגער אייזעל.

י ל ת א : (פארטראכט) און ווען עמיצער פון זיינע פארבלאנדזשעט פון גלייכען וועג, דאן באשטראפט ער מיט א שווערער

האנד, דער גרויסער ר׳ יוסי. (צו עיליש׳ן) זיי ניט אזוי שטארק מקנא דעם אייזעל, עיליש. ער וועט אויך אמאל פאלען א קרבן אויף דעם מזבח פון ר׳ יוסי׳ס גערעכטיגקייט. (הויבט זיך אויף און לעגט אוועק דאס שפּיגדעל.) קום אריין אין הויז, עיליש, און טרינק א שעפעל מילך.

ע י ל י ש : א דאנק דיר, ילתא. אין הויז אריין, אבער, וועל איך ניט אריינגעהן.

י ל ת א : וואס איז? דו האסט א נדר געטהון?

ע י ל י ש : חלילה! נור וואס דען? איך האב פשוט מורא. קוים טרעט איך אריבער ר׳ יוסי׳ס שוועל קען ער נאך פון מיר אויך מאכען א גערעכטען אייזעל.

י ל ת א : (צולאכט זיך אויפ׳ן קול).

ע י ל י ש : דו לאכסט פון מיר, ילתא? הא?

י ל ת א : ניין, ניין, עיליש. פארקעהרט, איך בין דיך מקנא. מיר דוכט זיך, אז הינטער דיין האריגען העמד ליעגט באהאלטען א גרויסער לץ.

ע י ל י ש : ווער עס דארף גארניט, דער לאכט פון דער וועלט.

י ל ת א : און די וועלט פון איהם.

ע י ל י ש : און דער חשבון שטימט. נור שא! שטיל זאל זיין! אט קומט דער גרויסער ר׳ יוסי אליין.

(דורך דער הויז־טהיר ערשיינט ר׳ יוסי פון יוקרת, מיט זיינע צוויי תלמידים, אבא יודן און שילא. אבא יודן איז א יונגער ריעז, שטארק עהנליך צו זיין רבי אין זיינע איינפאכע קליידער און שטרענגע מאניערען. שילא איז א שעהנער בחור פון מיטעלמעסיגער געשטאלט און ווייכע געזיכט־ציגע. ער טראגט רייכע קליידער און האט חעפליכע מאנירען.)

י ל ת א : (דערזעהט די גרופּע ארויסקומענדיג פון דער טהיר און ווערט אנטשוויגען; זי זעצט זיך צוריק אויף דער באנק און שפּינט).

ר׳ י ו ס י : (איז פארטיעפט א קורצע ווייל אין א געשפּרעך מיט זיינע תלמידים; ער דערזעהט עיליש׳ן) ברוך הבא, עיליש.

עילי ש: גאָט'ס ברכה אויף דיר, ר' יוסי פון יוקרת. דיין תורה קלינגט פון מאָרגען ביז נאַכט און דיינע תלמידים פילען אָן די וועלט.

ר' יוסי: עיליש, דו פאַרגעסט, אַז חנופה איז ניט קיין נאַנגבאַרע מטבעה אין יוקרת. די וועלט איז נאָך דערווייל צו שוואַך — יאָ, צו שוואַך! — אָנצונעהמען מיין תורה. מיינע תלמידים זיינען קיינמאָל ניט געווען גרוים אין צאָהל.

עיליש: מ'זאָגט, אַז אין משך פון לעצטען יאָהר איז זייער צאָהל געוואַקסען. אזוי דערצעהלט די וועלט.

ר' יוסי: (שמייכעלט) האַ? אַזוי דערצעהלט די וועלט? נו, אַזויפיעל תלמידים ווי ר' עקיבא בן יוסף האָט געהאַט, האָב איך נאָך דערווייל ניט. ס'איז אָבער אמת, אַז אין דעם לעצטען יאָהר איז זייער צאָל געוואַקסען.

עיליש: אַ טאַקי פון דעם איז געדרונגען, אַז די וועלט ווערט בעסער.

ר' יוסי: פיר די יונגע לייט וואָס קומען צו מיר איז דאָס אַ שווערער נסיון. די תורה פון גערעכטיגקייט איז ניט קיין בעט פון רויזען־בלעטער. לאַנג קענען זיי דאָ ניט אויסהאַלטען.

עיליש: אמת, ר' יוסי, אמת. יונג בלוט לאָזט זיך ניט לייכט איינשפּאַנען אין יאָך. (צו אבא יודן) האַ, יונגערמאַן? ס'איז שווער צו דערגרייכען די הויכע מדרגה פון דעם גרויסען רבי. ווען דו וועסט דיך אָבער האַלטען אין דער מעלה, וועסטו לכל הפּחות ווערען אַזוי גרויס ווי זיין אייזעל.

ר' יוסי: (שטרענג) עיליש, דו שפּאָטסט פון גערעכטיגקייט. זאָל דיין צונג קלעפּען צו דיין גומען, נזיר!

עיליש: (אַ פאַרציטערטער) זיי מיר מוחל, גרויסער ר' יוסי. מיינע אויערען האָבען ניט געהערט וואָס מיינע ליפּען האָבען גערעדט. מיין ליץ האָט זיך פאַרשפּאַטעט אָן דער צונג. נו —

ר' יוסי: (מיט אַ פינסטערען בליק) געדענק, אַז אויף

אמת, אויף פריעדען און אויף גערעכטיגקייט האָט גאָט זיין וועלט באַשאַפען. ניט געשפּאַסט און ניט געטענה'ט. אַזוי איז דאָס. קיי־נער טאָר ניט קלעהרען צו ער וויל, ווען ער מוז. (צו אבא יודן) איך געה איצט זעהן די טשערעדע וואָס פּאַשעט אין טהאָל ביי קאיומייא. מיין שכן חנילאי באַקלאַגט זיך. ער זאָגט, אַז מיינע שאָף פּאַשען אין זיינע פעלדער. געה איך היינט ווייזען די פּאַסטוכער די גרענעץ פון מיין פּאַשע. דו וועסט אויפפּאַסען אויף דעם הויז, אבא יודן. וואוהין פיהרט דיך דיין וועג, עיליש?

עיליש: מיט דיין ערלויבניש וועל איך געהן דעמזעל־בען וועג.

ר' יוסי: נו, וועלען מיר געהן בחברותא. (געהט צו צו ילתא'ן).

עיליש: (לאַכט שטיל) אפילו אַ זעלטענע פּאַסירונג, אַז דער ניעדריגער עיליש און דער געהויבענער ר' יוסי זאָלען געהן אויף דעמזעלבען וועג. אָבער ווער קען פאַרשטעהן די וועגען פון גאָט? (הויבט אויף זיין שטעקען און גיט אבא יודנ'ן אַ שטאָרך אין זייט) און דיך, יונגערמאַן, וויל איך עפּעס פרעגען. קום אהער, נע־הענטער! הער נור. ווען דו וועסט גרויס ווערען, וועסטו אויך לער־נען די תורה פון גערעכטיגקייט? הא?

אבא יודן: איך בין אַ תלמיד פון דעם גרויסען ר' יוסי. זיין תורה איז מיינע.

עיליש: און איך זאָג דיר צו, אַז דו וועסט ניט אויסלע־בען דיינע יאָהרען ביז דו וועסט ניט אָנקומען צו רחמנות.

ר' יוסי: (צו ילתא'ן, וועלכע זיצט מיט אַן אָראָבגעלאָז־טען קאָפּ און שוויגט) — און וואו איז אורזילא?

ילתא: (ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ) אין הויז.

ר' יוסי: געה אויך אריין אין הויז און פאַרשליס די טהיר הינטער דיר.

ילתא: (הויבט זיך לאַנגזאַם אויף, געהט צו ביז צו דער טהיר, בלייבט שטעהן אַ וויל און פאַרשווינדט).

ר׳ יוסי: (געהט צו צום טויער) קום, עיליש. (אב מיט עיליש׳ן רעכטס).

עיליש: (דרעהט אויס דעם קאפ און ווינקט ביטרע צו אבא יודנ׳ן) געדענק וואס איך האב דיר געזאגט, יונגערמאן. (ער און ר׳ יוסי פארשווינדען).

שילא: (שיסט אויס מיט א געלעכטער).

אבא יודן: (מעסט איהם אב מיט א שטרענגען בליק) פון וואס טהוט דיר אזא הנאה, שעהנער בחור דו!

שילא: (לאכענדיג) דער אלטער נזיר האט דיר אונטער־געשמאליעט די פליגעל. כא, כא, כא! ער האט קנאפ דרך ארץ פאר דיין לאנגער נאז.

אבא יודן: די פארביגע פאווע האט זיך איינגעליעבט אין דעם גרויען נאכט־פויגעל. זיין תורה געפעלט דיר בעסער ווי ר׳ יוסי׳ס.

שילא: זיין תורה? כא, כא, כא! (לאכט) א האריג העמד און א פינסטערע הייל זיינען ניט שטארק נאך מיין געשמאק. אבער איך האב ליעב דעם אלטען שפאס־פויגעל. ער איז דער איינציגער וואס ציטערט ניט פאר דעם גרויסען ר׳ יוסי.

אבא יודן: ווער עס האט ליעב זיין רבי, דארף פאר איהם קיין מורא ניט האבען.

שילא: איך וויל ניט פארשווענדען מיין ליעבע אויף אלטע מאנזבילען. (לאזט זיך געהן) איך געה אביסעל שפאצירען אין וואלד. ווילסט געהן, אבא יודן?

אבא יודן: ניין. איך מוז היטען דאס הויז.

שילא: ס׳איז היינט אונזער לעצטער טאג יום־טוב, אסרו־חג. קום וועלען מיר קלייבען ווילדע רויזען.

אבא יודן: וואס טויגען דיר ווילדע רויזען?

שילא: אורזילא האט ליעב ווילדע רויזען. געהסט?

אבא יודן: ניין. איך בלייב דא.

שילא: (לאזט זיך לאנגזאם געהן צו דער וואלד־סטעטשקע, ברומענדיג א פרעהליך ליעדעל).

אבא יודן: (קוקט איהם נאך א ווייל מיט א בליק פול מיט האס און רציחה. ער שטרעקט זיך דאן אויס אויף דער גראזבאנק נעבען טויער און ווערט לאנגזאם אנדרימעלט).

ילתא: (קומט ארויס פון הויז, קוקט זיך ארום און זעצט זיך אויף דער באנק אונטער דעם בוים. קורצע פויזע).

(ס׳עפענט זיך א פענסטער אויף דעם אויבערשטען שטאק. אורזילא, א יונג מיידעל מיט לאכעדיגע אויגען, שטעקט ארויס דעם קאפ).

אורזילא: מאמע, מאאא־מע!

ילתא: וואס איז, זיס טעכטעריל?

אורזילא: כ׳האב שוין דריי מאל איבערגעציילעט די פערל און צוויי מאל פארפלאכטען די האר. איך בין שוין מיעד זי־צענדיג אין הויז.

ילתא: מיין שעהן זומער־פויגעלע, קום ארונטער צו מיר.

אורזילא: (שטילער) וואו איז דער טיראן?

ילתא: (צולאכט זיך) דער טיראן איז אוועק זעהן די טשערעדע.

אורזילא: און ער האט ניט געלאזען קיין שומר?

ילתא: אבא יודן היט דאס הויז. קום ארונטער. ער וועט ניט דערצעהלען.

אורזילא: וואו איז ער, דער בער?

ילתא: (הויבט זיך אויף) אט וועל איך זעהן. (זוכט איהם איניגע סעקונדען; קומט צוריק) ער שלאפט אין דרויסען ביים טויער.

אורזילא: ווייסט, מאמע? דער בער וויל מיך פאר א כלה. (מאכט נאך דאס ברומען פון א בער) בוה! בוה! מאמע, דו ווילסט, אז איך זאל ווערען א בעריכע? איך וועל אויך מאכען בוה! בוה!

יל תא: דו ביזט א נאריש מיידעלע. קום ארונטער צו מיר.

אורזילא: אט קום איך. (איתר קאפ פארשווינדט).

(באלד עפענט זיך דאס פענסטער ביים בוים. אורזילא קריכט ארויס מיט דער פלינקייט פון א קאץ און זעצט זיך אוועק אויף א צווייג איבער דער מוטער'ס קאפ. זי איז אין גאנצען איינגעהילט אין די בלעטער פון בוים).

יל תא: (רופט) אורזילא! אורזילא! וואו ביזטו? ווארום קומסטו ניט ארונטער? (הויבט זיך אויף און וויל אריינגעהן אין הויז).

אורזילא: (הויבט אן שוויפטשען ווי א פויגעל) יל־תא! יל — — תא — — אאא!

יל תא: ווילד פויגעלע וואס דו ביזט! קריך שוין ארונטער פון בוים.

אורזילא: (נאכמאכענדיג דעם פאטער'ס שטימע) פאס אויף אויף דער טאכטער, ילתא! געה אריין אין הויז און פארשליס די טהיר הינטער דיר!

יל תא: (לאכט) קליינינקער שד וואס דו ביזט! גיב אכ־טונג דו זאלסט ניט ארונטערפאלען. (זעצט זיך ווידער אויף דער באנק)

אורזילא: אוי, וואלט דאס דער טיראן געשטורעמט! (מיט דעם פאטער'ס שטימע) דער פלוך פון גאט אויף א מאמע וואס איהט אויף אזא טאכטער. קריכט ארום אויף די ביימער ווי א וויעוויארקע. (לאכט) און דער בער וואלט עס געקראגען א גאב! (פאטערס שטימע) א שעהנער שומר ביזטו, אבא יודן! דו פאר־דיענסט פערציג רימענס איבער דער פלייצע! (לאכט).

יל תא: מאך ניט חוזק פון אבא יודנ'ן, אורזילא. ווי איך פארשטעה, וויל איהם דער טיראן פאר אן איידעם.

אורזילא: אזוי! ער וויל! אפשר פיר זיין אנדערער טאכטער. איך — איך וויל ניט זיין קיין בעריכע. איך וויל ניט האבען קליינע בערעלעך.

יַלתא: אָבער אבא יודן האָט דיך ליעב.

אורזילא: זיי האָבען מיך אַלע ליעב. פּפּא און שילא און אבינא און דוסתאי. אַלע, אַלע! דו זאָלסט זעהן וואָס פיר קעל־בערנע אויגען זיי שטעלען אַן אויף מיר, ווען זיי דערזעהן מיך דורכ־לויפען אין גאָרטען. און זיי זיפצען אַזוי שווער; (זיפצט) אוי!

יַלתא: דו ווייסט, מיידעלע, אַז אין דיין זכות האָט איצט דער טיראַן עטליכע תלמידים. אין די פופצעהן יאָהר וואָס מיר זייַ־נען דאָ ניט געוועזען, האָט זיך ביי איהם קיינמאָל ניט געהאַלטען מעהר ווי איינער אָדער צוויי.

אורזילא: דער בער האָט אפילו ניט געוואָלט פאָהרען זעהן זיין מאַמע אויף יום־טוב. ער האָט מורא געהאַט, אַז שילא וועט מיך דערווייל אויסכאַפּען.

יַלתא: און פאַרוואָס איז שילא ניט געפאָהרען? ער וואוינט דאָך ניט וויט פון דאַנען; בלויז אין גוש־חלב.

אורזילא: דו ביזט אַ נאַריש מאַמעלע. דער האָט מורא געהאַט, אַז אבא יודן וועט מיך דערווייל אויפעסען.

יַלתא: (לאַכט) ריוואַלען, האַ? און וועלכער געפעלט דיר בעסער?

אורזילא: אַלע געפעלען מיר. נור חתונה האָבען וועל איך מיט אַ שעהנעם פּרינץ וואָס וועט רייטען אויף אַ ווייסען פערד און טראָגען אַ קרוין פון גאָלד און דימענטען. איך וועל זיין פּרינ־צעסין אורזילא. אַהאַ! און דו וועסט דיך מוזען צו מיר בוקען. (לאַכט הויך און לאַנג, ווערט אַנטשוויגען. קורצע פּויזע. דאַן שטיל) מאַמעלע, ווילסט האָבען אביסעל שפּאַס? האַ, מאַמע? ששששאַ! איך וועל זיך דאָ באַהאַלטען צווישען די בלעטער. דו רוף אַהער דעם בער און פאַרש אויס ביי איהם אויב ער וויל מיך פאַר אַ כּלה. דערנאָך וועל איך אַרונטערוואַרפען אַ צווייגעל אויף זיין קאָפּ. וועט דער בער ברומען, בוה! בוה!

יַלתא: גיעה שוין, גיעה, דו נאַריש מיידעלע.

אורזילא: געה, מאמעלע, געה. אז ניט וועל איך ארונ־מערפאלען פון דעם בוים.

ילתא: (לאַכט) דו קליינער מזיק, דו! נו, זיי'זשע שטיל.

אורזילא: (באַהאַלט זיך אין גאַנצען אין די צווייגען).

ילתא: (רופט) אבא יודן! אבא יודן!

אבא יודן: (הויבט אויף דעם קאָפּ פון דער גראָזבאַנק און קוקט זיך אַרום).

ילתא: קום אהער, אבא יודן, איך וויל דיך עפּעס פרעגען.

אבא יודן: (קומט אַריין אין גאָרטען און בלייבט שטעהן ביים בוים) וואָס איז דיין פארלאַנג, עדעלע ילתא?

ילתא: דיינע עלטערן וואוינען אין טבריה, הא?

אבא יודן: מיין אלטע מאמע וואוינט דאָרט. מיין טאטע איז טויט.

ילתא: און דו פאַהרסט זי קיינמאל ניט זעהן, די אלטע מאמע?

אבא יודן: איך פאַהר אמאל אויף יום־טוב.

ילתא: איך בין שוין דאַ באַלד אַ יאָהר צייט. וועהרענד דער גאַנצער צייט האָסטו נאָך איינמאל ניט פארלאָזען יוקרת.

אבא יודן: ס'איז מיין פליכט שטענדיג צו זיצען ביי די פיס פון מיין גרויסען רבי.

ילתא: נו? און די אלטע מאמע?

אבא יודן: דו ביזט גערעכט, עדעלע ילתא. אבער — אבער —

ילתא: (מיט אַ כיטרע שמייכעל) איך ווייס בלויז פון איין זאך וואָס גיט אַ זוהן דאָס רעכט צו פאַרלאָזען זיין מאמע.

אבא יודן: איך פארשטעה ניט.

ילתא: אהו! דו האָסט פארגעסען דיין תורה. ס'שטעהט געשריבען: צוליעב דעם מעג אַ מאַן פארלאָזען זיין פאָטער און מו־טער און זיך באַהעפטען —

אבא יודן: יאָ, יאָ. אזוי שטעהט געשריבען אין דער תורה. איך קען ניט לייקענען — איך מוז —

ילתא: (לאַכט) דו דאַרפסט ניט אזוי רויט ווערען, אבא יודן. דו ביזט שוין אַ גרויסער בחור און וועסט אמאָל אויך ווערען אַ אמורא. ס'איז שוין צייט. (ווידער ערנסט) איצט דערצעהל מיר ווער זי איז, די יונגע קעניגין פון דיין הארץ. איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען.

(אורזילא שטרעקט לאַנגזאַם אויס איהר פוס פון צווישען די צווייגען און מיט דעם שפּיץ פון סאַנדאַל ריהרט זי לייכט אָן אבא יודנ'ס נאַקען. ער דרעהט לאַנגזאַם אויס דעם קאָפּ. דער פוס איז אָבער שוין פארשוואונדען).

אבא יודן: איך קען ניט ערפילען דיין פארלאַנג, עדעלע ילתא.

ילתא: פאַרוואָס ניט, אבא יודן?

אבא יודן: ס'איז מיר שווער צו ברענגען אויף די ליפּען אַ נאָמען —

ילתא: אויב אזוי וועל איך פּרובירען טרעפען. אונזער שכן חנילאי האָט דריי טעכטער. די עלטסטע האָט שווארצע אויגען און רויטע ליפּען. די צווייטע —

אבא יודן: ניין, עדעלע ילתא. דו דאַרפסט ניט געהן אזוי וויים זוכען.

ילתא: (מיט געמאַכטער איבעראַשונג) אָה, אזוי גאַר! (צו־לאַכט זיך) צוליעב אורזילא'ן ביזטו ניט אהיים געפאָהרען שוין אַ יאָהר צייט!

אבא יודן: איך וויים, אַז איך האָב צופיעל געוואגט ווען איך האָב אויפגעהויבען מיינע אויגען צו דער טאָכטער פון דעם גרויסען —

(אורזילא שטרעקט ווידער אויס איהר פוס פון צווישען די בלעטער. אבא יודן ווערט אונרוהיג ווען ער דערפיהלט דעם שפּיץ פון סאַנ־

דאָל אויף זיין נאַקען. ער טרעט צוריק אַ שפּאַן. ילתא שיסט אויס אין אַ געלעכטער).

י ל ת א : האָסטו דאָס שוין דערצעהלט דיין רבי?

א ב א י ו ד ן : איך בין מודה, אז איך האָב מורא. ס׳איז דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען וואָס מיין האַרץ ציטערט פון שרעק.

י ל ת א : איך ווייס, איך ווייס. נו און אורזילא?

א ב א י ו ד ן : אורזילא? זי איז דאָך ווי דער מאָרגען־ווינד אין פריהלינג. זי איז דאָך אַ גאַצעל וואָס שפּרינגט פון פעלז צום טהאָל און פון טהאָל צום באַרג.

י ל ת א : (מיט אַ טרויעריגען שמייכעל) גיב אכטונג, אבא יודן. דו וועסט איהר נאָכלויפען דיין גאַנץ לעבען און זי קיינמאָל ניט כאַפּען.

א ב א י ו ד ן : איך האָב אַ שטאַרקען אָרעם און אַ וואַרעם האַרץ. צווישען זיי וועט זיך אורזילא באַהאַלטען ווי אַ פויגעלע אין אַ שטורם־ווינד.

(אורזילא שטרעקט אויס איהר פוס צום דריטען מאָל... צוליעב דער גרעסערער דיסטאַנץ פאַרלירט זי דאָס גלייכגעוויכט. זי גליטשט זיך אויס און — פאַלענדיג — כאַפּט זי זיך אָן מיטביידע הענד אָן אַ צווייג. זי טהוט אַ לייכטען קוויטש. אבא יודן דרעהט זיך שנעל אויס און כאַפּט זי אין זיינע אָרעמס).

י ל ת א : (אויפגערעגט) ווילדע קאַץ, דו! נאָך אַ מינוט און דו וואָלסט געוועזן דער׳הרג׳עט געוואָרען.

א ב א י ו ד ן : דו מוזט שווערען, אז דו וועסט מעהר ניט קלעטערען אויף קיין בוימער.

א ו ר ז י ל א : און אויב ניט?

א ב א י ו ד ן : אויב ניט וועל איך דיך פאַרשליסען אין דיין צימער ביז דער רבי וועט צוריקומען.

א ו ר ז י ל א : (מיט אַן ערנסטער מינע) איך שווער.

א ב א  י ו ד ן : גערענק־זשע! איך בין א גוטער שומר. (זעצט זי אוועק אויף דער באַנק).

א ו ר ז י ל א : (שפּרינגט אויף און אַנטלויפט) בוה! בוה! איך גנה שוין אַרויפקלעטערן אויף דעם נוסען־בוים. (לויפט אַרום אין גאָרטען).

א ב א  י ו ד ן : (גייט איהר לאַנגזאַם נאָך) מיר וועלען זעהן, מיר וועלען זעהן.

י ל ת א : (קוקט זיי ביידע נאָך און שמייכעלט) דעם גרויסען ר׳ יוסי׳ס טאָכטער! (צולאַכט זיך און פאַרשווינדט אין הויז).

א ו ר ז י ל א : (בלייבט פּלוצלינג שטעהן און זעצט זיך אוועק אויף דעם גראָז).

א ב א  י ו ד ן : (בלייבט שטעהן ניט ווייט פון איהר).

א ו ר ז י ל א : דו האָסט מיך אין אמת׳ן ליעב, אבא יודן?

א ב א  י ו ד ן : (שווייגט).

א ו ר ז י ל א : האָסט פאַרלוירען די צונג, אבא יודן?

א ב א  י ו ד ן : איך בין ניט קיין מאַן פון ווערטער.

א ו ר ז י ל א : דו ווייסט, אַלע תלמידים האָבען מיך ליעב. האָסטו מיך ליעבער פון די אַנדערע? האַ?

א ב א  י ו ד ן : דיין האַרץ נאַרט דיך ניט אָפּ.

א ו ר ז י ל א : זעץ דיך נעבען מיר.

א ב א  י ו ד ן : דער רבי וועט בייז זיין.

א ו ר ז י ל א : (מיט פאַראַכטונג) האַ? ער וועט בייז זיין! ווער איז גרעסער? איך צו דער טיראַן? האַ?

א ב א  י ו ד ן : (שטרענג) ער איז דער גרויסער ר׳ יוסי, אורזילא.

א ו ר ז י ל א : און איך בין די שעהנע אורזילא, נאַר וואָס דו ביזט. שילא איז שעהנער פון דיר.

א ב א  י ו ד ן : דו האָסט איהם ליעב?

א ו ר ז י ל א : אודאי. ער זינגט שעהנע ליעדער. ער טראָגט

אויך שעהנערע קליידער פון דיר. דו האסט ניט אזא שעהנעם גאר־טעל פון רויטער זייד מיט גאָלדענע טראָלדען.

אבא יודן: און דו וועסט איהם נעהמען פיר דיין מאן?

אורזילא: איך האב איהם צוגעזאגט.

אבא יודן: צוגעזאגט?

אורזילא: דארפסט ניט אזוי ברומען! איך האב איהם בלויז אפגענארט. איך וועל ווארטען ביז דער פרינץ וועט קומען.

אבא יודן: וועלכער פרינץ?

אורזילא: איך וויים נאך ניט. אבער ער וועט מוזען באזיגען צעהן פעלקער און מיר ברענגען צעהן גאָלדענע קרוינען.

אבא יודן: מיר געפעלען דיינע שעהנע חלומות, אור־זילא. (שמייכעלט) און אויב דער פרינץ וועט ניט קומען?

אורזילא: וועל איך חתונה האבען מיט דיר.

אבא יודן: אמת? אדער דו נארסט מיך אב אזוי ווי שילא'ן?

אורזילא: געה אוועק! שילא רעדט שעהנערע רייד פון דיר. ווען ער זאגט, אז ער האט מיך ליעב, קלינגט זיין קול ווי א פלייט.

אבא יודן: א ווילד זומער־פויגעלע ביזטו. (בויגט זיך אן און וויל זי ארומנעמען).

אורזילא: (שפרינגט אויף און אנטלויפט. זי דערזעהט שילא'ן אויף דער וואלד־סטעטשקע און הויבט אן שרייען) שילא! שילא!

שילא: (מיט א קראנץ ווילדע רויזען אין דער האנד, באגע־גענט זי ביים טויער. זי ווארפט זיך ארויף אויף זיין האלז און ער צו־לאכט זיך) אהא! דאס מאל בין איך דער פרינץ, קליינינקע אור־זילא. (וויל זי קושען).

אורזילא: (רייסט זיך שנעל ארויס פון זיינע ארעמס; קרומט איהם איבער) קליינינקע אורזילא! (ברוגז) פרינצעסין אור־זילא בין איך.

שילא: דיין אַרימער שקלאַף פאַלט צו דיינע פיס, עדעלע פרינצעסין. דיינע ליפּען זיינען צוויי שנור קרעלען און בעטען זיך צום קושען.

אורזילא: (לאַכט) כאַ, כאַ, כאַ! (בויגט זיך אַן אַזוי ווי זי וואָלט איהם וועלען קושען; איז זיך אָבער גלייך מישב און אַנט־לויפט. שילא געהט איהר נאָך).

אבא יודן: (וועלכער האָט מיט אַ פינסטערען בליק באַ־טראַכט די גאַנצע סצענע טרעט אָב רעכטס און פאַרשווינדט אין דעם שאָ־טען פון די בוימער).

שילא: זעה, אורזילא, זעה. איך האָב דיר געבראַכט אַ גרוס פון וואַלד; די לעצטע ווילדע רויזען פון יאָהר.

אורזילא: (בלייבט שטעהן) גיב מיר דעם קראַנץ. (זעצט זיך אויף דעם גראָז) איצט וועל איך מאַכען אַ קרוין פיר דער פרינ־צעסין אור־זילא, אַ קרוין פון ווילדע רויזען. (זינגט) אַ קרוין פון ווילדע רויזען, אַ קרוין פון ווילדע רויזען. (איז באַשעפטיגט מיט די בלומען).

שילא: די ווילדע רויזען אויף דיינע ליפּען זיינען שעה־נער פון די וואַלד־רויזען.

אורזילא: און אַט פאַרדעם ווילסטו זיי קושען. איך פאַרשטעה.

שילא: אין זיי בליהט דאָס גליק, זיסע אורזילא.

אורזילא: ווי שעהן דיינע ווערטער קלינגען. זעץ דיך נעבען מיר, שילא. (ער זעצט זיך) איצט דערצעהל מיר דעם אמת. ביזטו אַ פאַרשטעלטער פרינץ?

שילא: אין דעם ליכט פון דיינע אויגען ווערט דער ניעד־ריגסטער שקלאַף אַ פרינץ.

אורזילא: און ווען איך וועל מיט דיר חתונה האָבען, וועסטו מיר געבען צעהן גאָלדענע קרוינען?

שילא: און די זון און די לבנה און אַלע שטערן.

אורזילא: און וואו איז דיין קעניגרייך און דיין פּאַלאַץ?

שילא: דאָרט וואו די ווילדע רויזען וואַקסען, אין טיע־פען וואַלד. אַה, אורזילא! דו וואָלסט נור באַדאַרפט זעהן מיין פּאַ־לאַץ. די זיילען זיינען הויכע צעדער־בוימער. די ווענד זיינען גע־פלאָכטען פון גין־גאָלדענע ליכט־שטראַהלען און גרינע שמאַראַג־דען. ווייכע טעפּיכער פון גרינעם מאָך ליגען אונטער די פיס.

אורזילא: און ס'שפּיעלט שעהנע מוזיק, איאַ?

שילא: מוזיקאַנטען האָב איך אָהן אַ שיעור. זיי שפּיעלען טאָג און נאַכט.

אורזילא: און דו ביזט געקומען מיך נעהמען אין דיין פּאַלאַץ?

שילא: אָהן דיר איז מיין הערליכער פּאַלאַץ אַ חורבה; אַלץ איז דאָרט פּוסט און לעדיג.

אורזילא: אַה! וואָס האָסטו געזאָגט? אַ חורבה?

שילא: בלויז ווען די פּרינצעסין איז דאָרט ניטאָ. אַזוי שנעל ווי דו וועסט אַריבערטרעטען די שוועל פון מיין הויף, וועלען די מוזיקאַנטען אָנהויבען שפּיעלען און די גרויסע זאַאַלען וועלען ליכטיג ווערען.

אורזילא: און וואָס וועל איך טהון?

שילא: דו? דו וועסט זיך אַוועקזעצען אויף דעם טהראָן און געוועלטיגען איבער מיין קעניגרייך. ווילסט געהן מיט מיר, קליינע אורזילא?

אורזילא: נו — און מיין מאַמע?

שילא: זי וועלען מיר ברענגען שפּעטער. מיר וועלען נאָך איהר שיקען טויזענד רייטער.

אורזילא: (לעהנט אָן דעם קאָפּ אויף זיין אַקסעל) איז דער וועג לאַנג, שילא?

שילא: פאַרוואָס פרעגסטו, קליינע אורזילא?

אורזילא: ווייל איך בין מיעד און קען ניט געהן.

שילא: איך וועל דיך טראָגן אין מיינע אָרעמס.

אורזילא: (קוקט אויף איהם שווייגענדיג מיט פאַר׳חלומ־טע אויגען).

שילא: (הויבט זיך לאַנגזאַם אויף און נעהמט די האַלב־פאַר׳שיכור׳טע אורזילא אין זיינע אָרעמס) קום, מיין זיסע פרינצעסין. (לאָזט זיך געהן צום טויער).

אבא יודן: (שפּרינגט אַרויס פון צווישען די בוימער. ער יאָגט אָן דאָס פּאָרעל ביים טויער און לעגט אַרויף זיין שווערע האַנד אויף שילא׳ס נאַקען; ברומט) לאָז זי אַרונטער!

אורזילא: (טהוט אַ קוויטש און גליטשט זיך אַרויס פון שילא׳ס אָרעמס; זי ציטערט אין גאַנצען קערפּער).

אבא יודן: האָסטו געקראָגען פון דעם רבי רשות צו פאַרפיהרען זיין טאָכטער?

שילא: (בלייך פון צאָרן און שרעק) דו? וואָס געהט עס דיך אָן?

אבא יודן: נעהם צונויף דיין פּעקעל קאַלירטע שמאַ־טעס און פאַרלאָז יוקרת איידער דער רבי קעהרט זיך אום פון וועג.

שילא: (לאַכט נערוועז) און אויב ניט? א הונד איז ניט קיין ערגערער שומר ווי דו און דו ניט בעסער ווי ער.

אבא יודן: (הויבט אויף זיין פויסט אָבער ער באַהערשט זיך; צו אורזילא) געה אַריין אין הויז, אורזילא.

אורזילא: (שיסט אוים אין א געוויין און אַנטלויפט).

אבא יודן: (קוקט איהר נאָך ביז זי פאַרשווינדט אין דער טהיר פון הויז).

שילא: (כאַפּט אַרויס אַ מעסער פון זיין גאַרטעל, בשעת אבא יודנ׳ס בליק איז אָפּגעווענדעט פון איהם. ער באַהאַלט דאָס מעסער הינטער זיין רוקען).

אבא יודן: האָסטו געהערט וואָס איך האָב דיר גע־זאָגט? פּאַק צונויף דיינע קליידער און געה!

שילא: דיין באפעהל איז ביי מיר דאס רעוועז פון א שאקאל.

אבא יודן: איך שווער, אז דו וועסט מעהר ניט זעהן די זון אויפגעהן אין יוקרת.

שילא: און דו וועסט זי מעהר ניט זעהן אונטערגעהן. (דאס מעסער גיט א בליץ אין זיין האנד).

אבא יודן: (שפרינגט אב א שריט; מיט איין האנד כאפט ער אן שילא'ס האנד אין וועלכער ער האלט דאס מעסער. מיט דער צווייטער כאפט ער אן שילא'ן ביים האלז. זיי ראנגלען זיך און פאלען. באלד דערהערט זיך דאס גסיסה־כארכלען פון איינעם וואס ווערט דערשטיקט. עטליכע סעקונדען שפעטער הויבט זיך אויף אבא יודן. שילא ליגט אויף דער ערד — טויט).

אורזילא: (פון פענסטער אין אויבערשטען שטאק; טהוט א שרעקליכען קווימש).

ילתא'ס קול: (פון אינוועניג) וואס איז געשעהן, קינד?

אורזילא: מאמע! ער האט איהם דער'הרג'עט.

ילתא: (שטעקט ארויס דעם קאפ פון פענסטער און דערזעהט דאס בילד) גרויסער גאט! וואס איז געשעהן?

אבא יודן: (וועלכער איז געשטאנען ווי פארשטיינערט, כאפט זיך אויף) הא? וואס איז געשעהן? א מארד איז געשעהן! (פאקט דעם טויטען קערפער מיטביידע הענד און ווארפט איהם אריבער איבער דער פלייצע; לאזט זיך געהן צום הינטערגרונד) אהא! וואס פאר א סעודה די ראבען וועלען עס האבען! (פארשווינדט).

(קורצע פויזע).

(עס דערהערען זיך שטימען פון דעם ווענ רעכטס. ר' יוסי באגלייט פון א קליינער צאהל תלמידים, קומט אריין דורך דעם טויער פון גארטען. ילתא פארמאכט שנעל דאס פענסטער).

ר׳ יוסי: (קוקט זיך אַרום אין גאָרטען, זעהט קיינעם ניט און רופט) אבא יודן! אבא יודן!

אבא יודן: (קומט צוריק).

ר׳ יוסי: איז אַלץ ווי ס׳דאַרף צו זיין?

אבא יודן: (מיט אַן אָנגעשטרענגטער רוהיגקייט) אַלץ ווי ס׳דאַרף צו זיין.

(פאָרהאַנג)

## צווייטער אַקט

(אַ גרויס צימער אין ר' יוסי'ס הויז. רעכטס, צוויי פאָרהאַנגען וואָס פיהרען אין אַ צווייטען צימער. לינקס, אַ טהיר וואָס פיהרט אין פאָר־הויז (הויפּט־איינגאַנג). אין הינטערגרונד, צוויי פענסטער דורך וועלכע מען קען זעהן דעם גאָרטען. צווישען די פענסטער, נעהענטער צום צענטער פון דער ביהנע, אַ ניעדריגער דיוואַן. די גאַנצע איינריכטונג פון צימער איז זעהר איינפאַך, כאָטש ניט אָרים).

ר' יוסי: (זיצט אויף דעם דיוואַן. אויף זיינע קניעס ליגט אַ מגילה פון פּאַרמעט אין וועלכער ער קוקט אַריין, ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף. זיין פּנים דריקט אויס אונרוהיגקייט. נאָך איניגע סעקונדען לעגט ער אַוועק די מגילה אָן אַ זייט און פאַרטיעפט זיך אין געדאַנקען).

אבינא און דוסתאי: (ערשיינען אין הויפּט־איינגאַנג).

ר' יוסי: האָט גאָט באַגליקט אייער וועג?

אבינא: מיר קומען מיט לעדיגע הענד, רבי.

ר' יוסי: און איהר האָט קיין שום שפּור ניט געפונען פון דעם אַנטלאָפענעם?

דוסתאי: אויב שילא האָט געלאָזט אַ שפּור הינטער זיך, איז זי פאַרשוואונדען.

ר' יוסי: האָט איהר נאָכגעפרעגט אין אַלע אכסניות?

אבינא: צוויי טעג און צוויי נעכט זיינען מיר געריטען.

מיר האָבען געפּאַרשט ביי יעדען וואָס איז אונז אַקעגען געקומען אין וועג. מיר האָבען אויסגעפּרעגט יעדען פויער וואָס מיר האָבען געזעהן ארבייטען אין פעלד. קיינער האָט דעם אַנטלאָפענעם ניט געזעהן.

ר׳ יוסי: ווען איך זאָל שוין וויסען, אַז ער איז בלויז אַנטלאָפען, וואָלט איך ניט געווען אַזוי אונרוהיג. ס׳איז ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס מיינער אַ תלמיד פאַרלאָזט מיך. די לופט פון יוקרת איז צו שאַרף פיר שוואַכע יונגעלייט. ס׳איז נויטיג די ליי־בען־קראַפט פון אַן אבא יודן צו בלייבען דאָ גאַנצע זעקס יאָהר. (קורצע פויזע). אָבער שילא איז פאַרשוואונדען עפּעס אויף אַ זעהר פאַרדעכטיגען אופן.

אַביניא: זיך צו לאָזען אין וועג אַריין אָהן דעם רבי׳ס רשות און אָהן דעם רבי׳ס ברכה!

דוסתאי: און ער האָט דאָ איבערגעלאָזט אַלע זיינע שעהנע קליידער.

ר׳ יוסי: און איך וויים, אַז זיינע קליידער זיינען ביי איהם געווען חשוב׳ער פון הונדערט ברכות מיינע. ער פלעגט תמיד געהן פאַרפּוצט ווי אַ פּאַווע.

(ס׳הערט זיך אין דרויסען דער ריטמישער קלאַפּ פון פערדישע הופען).

אַבינא: הערען זיך ניט די טריט פון אַ רייטער?

ר׳ יוסי: (הערט זיך צו) יאָ, די טריט פון אַ רייטער.

דוסתאי: איך געה זעהן פון וואַנען ער קומט (אָב).

ר׳ יוסי: (טרויעריג; ווי צו זיך אַליין) איך וויים, אַז דאָס וועט זיין דער סוף פון אייך אַלע. אין אַ שעהנעם אין־דער־פריה וועט איהר אויפשטעהן און אַבטרייסלען דעם שטויב פון יוקרת פון אייערע פיס. איינער נאָכ׳ן אַנדערען, איינער נאָכ׳ן אַנ־דערען וועט איהר פאַרשווינדען. אַלע, אַלע — חוץ איינעם. און דער וועט דאָ בלייבען צו ירש׳ענען מיין פּלאַץ, ווען איך וועל זיך

צוריקקעהרען צו מיין באשעפער. די שטוהל פון יוסי פון יוקרת וועט דאן ניט בלייבען לעדיג. אויף איהר וועט זיצען דער לייב פון די קומענדיגע דורות, דער גרויסער אבא יודן.

דוכתאי: (קומט צוריק) דער רייטער קומט פון דעם וועג וואס פיהרט אין גוש־חלב.

ר' יוסי: (הויבט זיך אויף) דאס איז פפא. איך האב איהם געשיקט צו שילא'ס עלטערען. אפשר האט ער זיך צוריקגע־קעהרט צו זיי אין הויז.

(די טריט פון רייטער ווערען שטארקער און הערען פלוצלינג אויף).

פפא: (קומט אריין דורך דעם הויפט־איינגאנג) איך האב ערפילט דיין שליחות, רבי.

ר' יוסי: דיין פנים זאגט מיר, אז אויך דו ביזט צוריק־געקומען מיט לעדיגע הענד.

פפא: אין גוש־חלב האט איהם קיינער ניט געזעהן... זיינע עלטערען זיינען שטארק אונרוהיג.

ר' יוסי: האסט גערעדט מיט זיין פאטער, מיט דעם אלטען אביטל?

פפא: איך האב איהם דערצעהלט, אז זיין זוהן איז פאר־שוואונדען.

ר' יוסי: איך זעה, אז דו באהאלטסט פון מיר עפעס, פפא. וואס האט דארט פאסירט אין גוש־חלב? וואס האט דער אל־טער אביטל געזאגט, ווען דו האסט איהם דערצעהלט אז שילא איז אנטלאפען?

פפא: (א דערשראקענער) ער — ס'איז ניט קיין דרך־ארץ —

ר' יוסי: איך הייס!

פפא: זיי מיר מוחל, רבי. דאס זיינען ניט מיינע ווער־טער, נור דעם אלטען אביטל'ס. ער האט שרעקליך געליארעמט. ער האט גערעדט וועגען פאסטוכער וואס קענען ניט היטען זייערע שאף און — און —

ר׳ יוסי: און אז ער וועט זיין זוהן פאדערען פון מיינע הענד? הא?

פפא: ער האט געזאגט זיין זוהנ׳ס בלוט.

ר׳ יוסי: בלוט? דער אלטער שוטה איז חושד, אז אין מיין הויז איז באגאנגען געווארען א מארד? נו, וועל איך איהם קלאהר מאכען, אז יוקרת איז ניט קיין נעסט פון רוצחים. מיין הויז איז א פעסטונג פיר גאט׳ס ווארט און ניט קיין הייל פון מער־דער. (קורצע פויזע). אבער ער האט מורא, אז ער האט זוהן פאר־לוירען. איך קען לייכט פארשטעהן זיין שמערץ און זיין צארן, איך קען לייכט באגרייפען ווי זיין הארץ קלאפט. איך בין אויך אמאל געוועזען דער פאטער פון א זוהן און דעם זוהן פארלוירען. (קורצע פויזע). דער אלטער אביטל איז גערעכט. ער פאדערט זיין זוהן פון מיין האנד און איך וועל איהם דעם זוהן צוריקגעבען, אויב ער איז נאך צווישען די לעבעדיגע. (קורצע פויזע). געהט וואשט אב דעם שטויב פון אייערע פיס. איהר זענט מיעד פון וועג און איהר באַ־דארפט אייך אפרוהען. (תלמידים לאזען זיך ארויסגעהן) ווער פון אייך ס׳וועט זעהן אבא יודנ׳ן, זאל איהם שיקען צו מיר. איך וויל זיך מיט אים בעראטען וואס וייטער צו טהון.
(תלמידים אב).

עיליש: (וועלכער איז שוין געשטאנען עטליכע סעקונדען אין דער טהיר קומט צו נעהענטער) גאט׳ס ברכה אויף דיין קאפ, פעל־זען פון גליל. איך בין דיר שולדיג א דאנק.

ר׳ יוסי: ברוך הבא, עיליש. פארוואס ביזטו מיר שול־דיג א דאנק?

עיליש: פיר אן אמת׳דיגער טובה.

ר׳ יוסי: וואס פיר אן אמת׳דיגע טובה?

עיליש: אן אמת׳דיגע טובה איז די וואס מ׳טהוט עמי־צען איידער יענער פארלאנגט נאך די טובה.

ר׳ יוסי: (שמייכעלט) עיליש, דו ווייסט דאך, אז איך

נעה קיינמאל ניט מיט קיין קרומע וועגן. איך האב ניט ליעב קיין רעטענישען. נור דו, עיליש, ביזט שוין הפנים צו אלט, און אפשר אויך צו קלוג, זיך צו צוהערען צו מיינע ווערטער. דיין קערענדעל איז גוט, נור ס'באהאלט זיך אין צופיעל פאלאווע. גענוג, נו! לאמיך שוין הערען פארוואס דו ביזט מיר שולדיג א דאנק.

עיליש: ווייל דו האסט ארויסגעשיקט די חבריא אזוי גיך ווי איך האב אריינגעשטעקט מיין נאז אין דיין טהיר אריין.

ר' יוסי: (פארוואונדערט) נו?

עיליש: אט פאר דעם קומט עס דיר א דאנק.

ר' יוסי: וואס איז? דו האסט ניט ליעב מיינע תלמידים?

עיליש: פארקעהרט! איך האב זיי גאר ליעב. די יונגע־לייט לאזען פון זיך אמאל חוזק מאכען. זיי זיינען די שטיינער אז וועלכע מיין לץ שארפט אפט דאס מעסער פון זיין וויץ.

ר' יוסי: איך פארשטעה. נור אויב אזוי איז דאך טאקי די קשיה —

עיליש: יא, יא, איז דאך טאקי די קשיה פארוואס האב איך זיי געוואלט ארויס'פטר'ן פון דאנען? איז דער תירוץ, אז דאסמאל האב איך געוואלט ריידען מיט דיר אליין.

ר' יוסי: וואס איז דיין פארלאנג, עיליש?

עיליש: ששששא! די ווענד האבען אויערען.

ר' יוסי: אין מיין הויז הערט קיינער ניט הינטער די טהירען. דאס איז מיין באפעהל.

עיליש: (זינגט זיך אונטער) ס'איז אמאל געווען א קעניג און ער האט ארויסגעגעבען א באפעהל, אז יעדער מאנזביל זאל זיין דער הערשער אין זיין אייגענעם הויז.

ר' יוסי: נו?

עיליש: (ווי פריהער) יענער קעניג האט געהייסען אחשורוש און ער איז באקאנט אלס דער קעניג פון אלע טפשים.

ר׳ יוסי: ווי איך זעה, עיליש, איז דיין לץ א בעל־עסקן ניט נור אויף קליינע שטיינדעלאך. אז ער וויל שארפען זיין מעסער, איז דער פעלזען פון גליל אויך ניט צו גרויס פאר איהם. דיין בקשה אבער האסטו מיר נאך אלץ ניט געזאגט.

עיליש: מיין בקשה? הא? (מיט באטאנונג) דער אמת׳ער אמת איז, אז איך האב גאר ניט קיין בקשה. איך בין חלילה ניט געקומען נאך קיין טובה. געקומען בין איך דיר דערצעהלען עפעס נייעס.

ר׳ יוסי: וואס איז געשעהן, עיליש?

עיליש: לאמיר נור זעהן וואס ס׳איז געשעהן. (דענקט נאך) וואס אזוינס איז טאקי געשעהן? אהא! אט האב איך עס. איך האב געפונען א מענש.

ר׳ יוסי: דו האסט געפונען א מענש?

עיליש: יא. געפונען א מענש. (מיט באטאנונג) דעם ריכ־טיגען מענש! אין מיטען העלען טאג און דוקא אהן א לאמטערן.

ר׳ יוסי: נו? צו וואס דער טומעל?

עיליש: צו וואס דער טומעל? איך דערצעהל דיר, אז איך האב געפונען א מענש און דו פרעגסט: צו וואס דער טומעל? דו מוזט וויסען, גרויסער ר׳ יוסי, אז דאס איז שוין איינמאל א מענש. ערשטענס, פלאפלט ער ניט מיט׳ן צונג ווי איך, למשל. ער שווייגט, ווייל ער איז כסדר שטארק פארטיעפט אין געדאנקען, ווי ס׳פאסט פאר אן אמת׳דיגען פילאזאף. צווייטענס, האט ער זיך באפרייט פון אלע באדערפנישען און תאוות פון גוף. אט דו, למשל, וואוינסט אין א הויז מיט א סך צימערען; איך, לכל הפחות, אין א הייל אויסגעבעט מיט ווארימען מאך. ער אבער וואוינט אונטער דעם פרייען הימעל טאג אזוי ווי נאכט. ער וויל ניט ליגען איינגע־שפארט אין א תפיסה צוועלף שעה אין מעת־לעת — ווי איך און דו.

ר׳ יוסי: וואו געפינט ער זיך, דיין מענש?

ע י ל י ש : וואו ער געפינט זיך? טאקי גאר ניט ווייט פון דאנען. אט וועגן דעם בין איך געקומען ריידען מיט דיר. פאר אלעמען, אבער, מוז איך דיר אויסרעכענען זיינע מעלות. איך בין ניט פארטיג. אט דער מענש, זעהסטו, איז א גרויסער בעל־צדקה. ער שפייזט די חיות און עופות אין וואלד. ווען איך האב איהם דערזעהן איז ער געווען ארומגערינגעלט פון א מחנה שווארצע ראָ־בען. ער האט פיר זיי אנגעגרייט א סעודה, א קעניגליכע סעודה, שלמה המלך׳ס סעודה אליין.

ר׳ יוסי: האסטו צו איהם גערעדט?

ע י ל י ש : יא. נור וואס דען? ער האט ניט געענטפערט. האב איך צו איהם געשיקט מיין לץ אין שליחות. ער איז א מחבל אויף די זאכען. דאסמאל אבער האט ער אויך גאר ניט גע׳פועל׳ט. ביי איהם האט, ניט פאר דיר געזאגט, שיער ניט די גאל געפלאצט.

ר׳ יוסי: אויב דיין מענש געפינט זיך אין די גרעניצען פון יוקרת, זאג׳זשע איהם, אז איך באפעהל, אז ער זאל אהער קומען.

ע י ל י ש : זיי מיר מוחל, גרויסער ר׳ יוסי. איך מוז דיר זאגען דעם אמת. ער איז גרעסער פון דיר און וועט דיין באפעהל ניט פאלגען. ד ע ר מענש — נו, וואס זאל איך זאגען? — נו, ד ע ר מענש איז טויט!

ר׳ יוסי: טויט?

ע י ל י ש : טויטער קען שוין ניט זיין. ווען ער איז געווען צווישען די לעבעדיגע האסטו איהם געקענט. און האסטו באפוילען האט ער געמוזט קומען צו דיר. איצט אבער מוזט דו געהן צו איהם.

ר׳ יוסי: (מיט ערשטוינונג) ווער? מיין תלמיד? שילא?

ע י ל י ש : א העלפט פון איהם. די אנדערע העלפט האט ער אוועקגעגעבען צדקה.

ר׳ יוסי: גרויסער גאט! (קורצע פויזע) וואו געפינט ער זיך?

עילי ש: איך האב דיר שוין פריהער געזאגט, אז ער גע־פינט זיך ניט ווייט פון דאנען; אין דעם פעלזען־שפאלט, הינטער דיין הויז.

ר׳ יוסי: אין דעם פעלזען־שפאלט הינטער מיין הויז?

עיליש: דארט הענגט ער מיט דעם קאפ צווישען הי־מעל און ערד. זיינע פיס האבען זיך פארטשעפעט אן אן אלטען קאריען.

ר׳ יוסי: איך פארשטעה ניט! וואס באטייט דאס?

עיליש: דאס באטייט אז ער איז אהין ניט געקומען דורך דעם טהאל. ער האט אויסגעקליבען א פיעל קירצערען וועג. ער האט זיך ארונטערגערוקט פון שפיץ בארג הינטער דיין הויז.

ר׳ יוסי: (כאפט איהם אן ביים ארעם; ברומענדיג) איך פארשטעה ניט דיינע רייד, עיליש. ער האט זיך ארונטערגערוקט? הא?

עיליש: זיי מיר מוחל, גרויסער ר׳ יוסי. אפשר האב איך א טעות. ווער ווייס? אפשר האט ער זיך ניט ארונטערגערוקט. ס׳איז מעגליך אז מ׳האט איהם ארונטערגערוקט.

ר׳ יוסי: (שרייט אויף) הא! א מארד?

עיליש: חלילה! מעגליך, אז דאס איז בלויז געווען א טובה, א באווייז פון גוט־ברודערשאפט. ווער האט עס געזאגט א מארד? אפשר און אפשר און אפשר! אבער ווייסען ווייסט מען ניט. נו, דו ווילסט איהם זעהן? קום׳זשע און מאקי שוין, איידער די ראבען פארשלינגען זיין שאטען.

ר׳ יוסי: (הילט זיך איין אין זיין מאנטעל) ווייז מיר דעם וועג.

עיליש: אודאי, אודאי! נור מיר וועלען געהן דעם לאנגען וועג, דורך דעם טהאל. (ביידע אב).

(עטליכע סעקונדען בלייבט די ביהנע לעדיג).

אבא יודן: (קומט אריין דורך דעם הויפט־איינגאנג. ער

ווארפט א בליק איבער דעם צימער און ווען ער זעהט אז קיינער איז נישא, דרעהט ער זיך אוים און וויל אוועקגעהן).

אורזילא: (שטעקט ארוים דעם קאפ פון צווישען די פאר־האנגען רעכטס; רופט שטיל) אבא יודן! אבא יודן!

אבא יודן: (איבערראשט) דו, אורזילא?

אורזילא: (קומט אריין) געה ניט אוועק. איך האב דיר עפעס צו זאגען.

אבא יודן: דו? און מיר האט דוסתאי געזאגט, אז דער רבי וויל מיך זעהן.

אורזילא: ער האט ניט קיין צייט געהאט צו ווארטען אויף דיר. ער איז אוועקגעגאנגען.

אבא יודן: אבער וואס טהוסטו דא אין זיין צימער?

אורזילא: איך האב דאסמאל ניט געקענט ווארטען ביז איך וועל קריגען רשות פון איהם אריינצוקומען. א גרויסע סכנה שוועבט איבער אונזערע קעפ, אבא יודן. איך בין פריהער געשטאנען הינטער דעם פארהאנג — (ווערט פלוצלינג אנטשוויגען; קוקט זיך אום פארזיכטיג; לויפט צו צו דער טהיר און פארריגעלט זי; ווארפט א בליק הינטער די פארהאנגען צו זעהן אויב קיינער הערט ניט).

אבא יודן: וואס איז דיר געשעהן, אורזילא? וואס באטייט דאס אלעס?

אורזילא: (קומט צו נאהענט צו איהם און רעדט שטיל) איך בין פריהער געשטאנען הינטער דעם פארהאנג און געהערט ווי עיליש האט דערצעהלט —

אבא יודן: ווער? עיליש דער נזיר?

אורזילא: יא. דו ווייסט דאך, דער אלטער נזיר האט קיינמאל ניט געוואלט אריבערטרעטען די שוועל פון דעם הויז. פלוצלינג האב איך דערזעהן ווי ער געהט אריין און איך האב פאר־שטאנען, אז עפעס איז נייעס.

אבא יודן: יא, יא. איך פארשטעה.

א ו ר ז י ל א : האב איך זיך ארונטערגע׳גנב׳עט אויף די שפיץ פינגער און מיך באהאלטען הינטער דעם פארהאנג.

א ב א  י ו ד ן : (אטהעמט שווער) נו?

א ו ר ז י ל א : דער אלטער נזיר האט דערצעהלט —

א ב א  י ו ד ן : (ווערט בלייך) האט ער געפונען דעם טויטען קערפער?

א ו ר ז י ל א : (הוידעט מיט דעם קאפ אויף יא. קורצע פויזע. דאן) מיר איז קאלט געווארען דאס הארץ, ווען איך האב דאס דער־הערט. דער אלטער נזיר האט דאס דערצעהלט אויף אזא שרעק־ליכען שטייגער, אז מיר האט געקלאפט א צאהן אן א צאהן. דו ווייסט? זיינע פיס האבען זיך פארטשעפעט אן דעם קאריען פון א בוים און דער קאפ העננגט ארונטער אין די לופטען. (זי ציטערט אין גאנצען קערפער) די ראבען עסען זיין פלייש.

א ב א  י ו ד ן : איז דער רבי געגאנגען איהם זעהן?

א ו ר ז י ל א : יא. מיט עילישין. (פלוצלינג ווערען איהרע אויגען שטאר, איהרע הענד ציטערען, זי טהוט א לייכטען קוויטש און זינקט צו דער ערד).

א ב א  י ו ד ן : (כאפט זי אויף אין זיינע ארעמס און טראגט זי צו צום דיוואן) וואס איז דיר, אורזילא? זאל איך רופען די מאמע?

א ו ר ז י ל א : (הערט איהם ניט) אה! ווי שרעקליך ער זעהט אויס. די ראבען האבען געמאכט לעכער אין זיינע באקען.

א ב א  י ו ד ן : בארוהיג דיך, אורזילא. מען וועט איהם נאך היינט באגראבען.

א ו ר ז י ל א : דו ביזט א שרעקליכער מענש, אבא יודן. פארוואס האסטו געלאזט די ראבען פארצעהרען זיינע באקען?

א ב א  י ו ד ן : (שווייגט איניגע סעקונדען; דאן) איך האב ניט געקענט, אורזילא.

א ו רז י ל א : פארוואס האסטו איהם ניט באגראבען?

אבא יודן: ווייל איך האָב איהם ניט געקענט דערגרייי־כען. נאָך אין יענער נאַכט האָב איך איהם געוואָלט באַגראָבען, אָבער איך האָב איהם ניט געפונען.

אורזילא: דו ביזט איהם געגאַנגען זוכען ביינאַכט?

אבא יודן: (מיט ביטערקייט) איך בין ניט קיין פּחד־לב'ע מיידעל. איך האָב פאַר דעם טויטען שילא פּונקט אַזוי וועניג מורא ווי פאַר דעם לעבעדיגען. נור יענע נאַכט האָב איך ניט גע־קענט אַנטשלאָפען ווערען. איך האָב איהם כסדר געזעהן פאַר מיינע אויגען מיט דעם געצוויגענעם מעסער —

אורזילא: גאָט מיינער! פּונקט ווי יענעם נאָכמיטאָג אין גאָרטען.

אבא יודן: ביז נאָך האַלבע נאַכט האָב איך זיך גע־וואַלגערט אויף מיין געלעגער. דאָס קישעלע צוקאָפּענס האָט גע־בריהט ווי אַ קאַלך־אויוועז. עטליכע מאָל בין איך אויפגעשפּרונ־גען מיט צונויפגעקלעמטע פויסטען. ער איז אַלץ געשטאַנען אי־בער מיר מיט דעם געצוויגענעם מעסער און זיך געצילט אויף מיין ברוסט. איך האָב אויסגעשטרעקט מיין האַנד איהם אַנצוכאַפּען ביים גאָרגעל. אָבער מיינע פינגער האָבען אַרומגעקלאַמערט ריינע לופט.

אורזילא: (נעהמט איהם אָן ביי דער האַנד; צערטליך) און דו האָסט קיין מורא ניט געהאַט, אבא יודן?

אבא יודן: (לאַכט נערוועז) כאַ, כאַ, כאַ! מורא גיט־האָט? איך האָב געוואוסט, אז ער איז טויט, טויט ווי דער גוי'עשער גאָט. נור מיך האָט געצויגען איהם צו זעהן. איך האָב איהם גע־וואָלט בלויז איינמאָל אָנקוקען און דאַן איהם באַגראָבען פופציג טפחים טיעף אין דער ערד.

אורזילא: און דו ביזט אַליין געגאַנגען אין וואַלד אריין?

אבא יודן: (לאַכט) אַ שטייגער וואָס דענקסטו?

איך בין געגאַנגען און אויפגעוועקט דעם רבי און די תלמידים און זיי איינגעלאַדען מיר צו העלפען באַגראָבען דעם מת מצוה! האַ? אַליין בין איך געגאַנגען, גאַנץ אַליין. אַרום מיר האָבען ווילד גע־טאַנצט די שאָטענס פון דער נאַכט. ברענענדיגע אויגען האָבען מיר נאָכגעקוקט פון צווישען שוואַרצע פעלזענס. לאַנגע אָרעמס האָבען זיך אויסגעשטרעקט פון צווישען די ביימער און מיט דאַרע פינ־גער געריסען די פאַלעס פון מיין מאַנטעל. אָבער אבא יודנ׳ס האַרץ איז שטאַרק. שנעל בין איך געגאַנגען מיין וועג דורך דעם טהאָל. איך בין אַרונטערגעקראָכען אין דעם שוואַרצען באַרג־שפּאַלט. זעהן איז ניט געווען מעגליך. האָב איך אָנגעהויבען זוכען מיט מיינע הענד. איך האָב געדענקט, אַז ער האָט זיך אַרונטערגעקייקעלט ביז צום גרונד. איך האָב געטאַפּט אין דער פינסטערניש. איך האָב יעדען שטיין אַרומגעפיהלט. איך האָב איינגעגראָבען מיינע פינגער אין די פאַרפוילטע ביימער וואָס ליגען אין אַבגרונד. אָבער איך האָב איהם ניט געפונען. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך איהם געזוכט, אַ גאַנצע נאַכט זיך געוואַלגערט אין אַבגרונד און געזוכט, געזוכט, געזוכט. אָבער איך האָב איהם ניט געפונען.

אורזילא: (מיט באַוואונדערונג) אַה, אבא יודן! וואָס פיר אַ מוטהיגער מענש דו ביזט!

אבא יודן: ערשט אין דער פריה, ווען דער הימעל האָט זיך אָנגעהויבען רויטלען אין מזרח, האָב איך איהם דערזעהן. ער איז געהאַנגען פיער מאָן הויך איבער מיין קאָפּ. זיינע הענד האָבען געשוועבט אין דער לופט און די גאָלדענע טראָלדען פון זיין גאַרטעל האָבען זיך געשאָקעלט, ווען דער ווינד האָט אין זיי געבלאָזען.

אורזילא: און דו האָסט איהם ניט געקענט דערגריי־כען?

אבא יודן: ניין. (קורצע פּויזע) איך האָב איהם אויך געזעהן נעכטען פאַרנאַכט און היינט אין דער פריה. (ווילד) איך קען דאָס מעהר ניט איבערטראָגען. איך וועל דעם פּגר באַגראָבען. איך האָב איהם געמאָרדעט און איך וועל איהם באַגראָבען.

א ו ר ז י ל א : וואס ווילסטו טהון, אבא יודן? (קלאמערט זיך אן איהם פעסטער) וואס ווילסטו טהון? דערצעהלען, אז דו האסט איהם געמארדעט?

א ב א י ו ד ן : דערצעהלען. מודה זיין. מודה זיין! און ארונטער א שטיין פון הארץ.

א ו ר ז י ל א : ניין, ניין, ניין! אבא יודן. איך וועל דיך ניט לאזען. קוק ניט אזוי ווילד אויף מיר. ששא! זיי שטיל. דער טאטע מיט די תלמידים וועלען איהם שוין באגראבען. דו וועסט אויך העלפען דאבייי. אבער דו מוזט זיין רוהיג, ניט א מינע פאר־ציהען. קיינער וועט ניט וויסען; קיינער טאר ניט וויסען. צוליעב מיר האסטו דאך דאס געטהון. צוליעב מיר — ווען איך האב זיך געוואקעלט ביים ברעג פון אבגרונד. איצט וועל איך דיך האלטען נעבען מיר. ששששא! אבא יודן! מיין הארץ איז איצט דיין פעס־טונג און קיינער וועט דיך ניט קענען אנריהרען.

א ב א י ו ד ן : (לאכט נערוועז) דו פארגעסט הפנים, אז מיר בייזדע געפינען זיך אין דעם הויז פון דעם גרויסען ר׳ יוסי. דו קענסט דיין טאטע אזוי וועניג ווי ער קען דיך. וואס דענקסטו, אור־זילא? יוסי פון יוקרת וועט לאזען באגעהן א מארד אין זיין הויז און שווייגען? אט דער מאן ביי וועמען גערעכטיגקייט איז דער יסוד פון דער וועלט? אורזילא, זיי וויסען, אז יוסי פון יוקרת האט קיין רחמנות ניט געהאט אויף זיין איינציגען זוהן, ווען יענער האט אויף איין מינוט פארבלאנדזשעט פון דעם גלייכען וועג. אויף זיין איינציגען זוהן! דו פארשטעהסט? און דו ביזט דאך בלויז א קליין מיידעלע, אורזילא. דיינע ארעמס זיינען צו שוואך מיך צו באשיצען נעגען דיין טאטענ׳ס צארן. דו וועסט אונטערגעהן צוזאמען מיט מיר.

א ו ר ז י ל א : (שפרינגט אויף) צו שוואך בין איך? הא? דו וועסט שוין זעהן צו איך בין שוואך צו ניין! דו קענסט מיך ניט, אבא יודן. פיר דיר בין איך א שפיעל־פויגעלע, א פארביגער

שמעטערלינג. אבער דו ווייסט ניט, אז אין מיין שוואכקייט ליעגט מיין גבורה.

א ב א  י ו ד ן :  דיין פאטער איז דער פעלזען פון גליל. דו וועסט צושמעטערען דיין קאפ אויף דעם קאלטען שטיין.

א ו ר ז י ל א :  איך קען ניט מיין פאטער און איך האב פאר איהם קיין מורא ניט. הער, אבא יודן, קיינער ווייסט ניט וואס ס'האט פאסירט יענעם נאכמיטאג אין גארטען. איך און די מאמע וועלען שווייגען. אבער דו מוזט זיין שטארק און אויך שווייגען. די הערסט, אבא יודן?

א ב א  י ו ד ן :  (פארצווייפעלט) ניין! איך קען דאס לענגער ניט איבערטראגען. דער בלוט־פלעק ברענט אויף מיין שטערן. איך קען ניט איינרוהען אויף מיין געלעגער.

א ו ר ז י ל א :  (צערטליך) דו ביזט א קינד, אבא יודן. דו האסט ניט קיין מארד באגאנגען. דו האסט דיך בלויז פארטהיידיגט. דו האסט באשיצט די טאכטער פון דיין רבי אין א מינוט, ווען זי איז געווען שוואך און געפאנגען. דו האסט ניט אויפגעהויבען קיין מערדעריש מעסער אויף זיין רוקען. ניין! דו האסט ניט דעם מארד באגאנגען. ס'איז גאר ניט באגאנגען געווארען קיין מארד. קיינער האט ניט געזעהן, ניט איך, ניט די מאמע, ניט דו.

א ב א  י ו ד ן :  (שוואך) איך האב מורא פאר דער מינוט, ווען דער רבי וועט צוריקומען פון טהאל.

א ו ר ז י ל א :  מורא? (מאכט נאך אבא יודנ'ס קול) אבא יודנ'ס הארץ איז שטארק. אבא יודן איז ניט א פחד־לב'ע מיידעל. (לאכט) ד ו  האסט מורא? הער, איך וועל שטעהן ביי דיר, ווען דער טאטע וועט דיך אויספרעגען. דו זאלסט בלויז אריינקוקען אין מיינע אויגען און דיין הארץ וועט אויפהערען ציטערען. (ווארפט זיך ארויף אויף זיין האלז און קושט איהם ליידענשאפטליך) מיין גרויסער, שטארקער, געטרייער אבא יודן.

א ב א  י ו ד ן :  ווען איך זאל נור קענען, ווען איך זאל נור קענען!

אורזילא: (מאכט נאך דעם פאטער'ס שטימע) קיינער טאר ניט פרעגען צו ער וויל ווען ער מוז. (לאכט) איא אזוי זאגט דיין גרויסער רבי? פארגעס אן אלעמען, אבא יודן, פארגעס. גארנישט איז געשעהן און גארנישט וועט געשעהן אזוי לאנג ווי אורזילא איז מיט דיר.

(עס הערען זיך שטימען אין גארטען).

אבא יודן: שנעל, אורזילא! דער רבי קומט!

אורזילא: (כאפט איהם ארום און קושט איהם אויף די ליפען) איך וועל זיין צווישען די ווייגשטאקען ווען די זון וועט אונ־טערגעהן. (פארשווינדט צווישען די פארהאנגען).

אבא יודן: (געהט שנעל צו צו דער טהיר און ציהט אויף דעם ריעגעל).

(באלד קומען אריין ר' יוסי, זיינע תלמידים און עיליש).

ר' יוסי: (געהט לאנגזאם צו צום דיוואן און זעצט זיך. די איבריגע בלייבען שטעהן. עטליכע סעקונדען זיצט ער שווייגענדיג, מיט א פינסטערען בליק און צונויפגעפרעסטע ליפען; דאן) אבא יודן, שילא איז ניט אנטלאפען.

אבא יודן: (שווייגט; דאן מיט א שוואכער שטימע) מען האט איהם געפונען?

ר' יוסי: יא; אין דעם בארג־שפאלט, צוואנציג מינוט גאנג פון מיין הויז — א טויטען.

אבא יודן: (שווייגט).

ר' יוסי: א מארד איז באגאנגען געווארען אין יוקרת, אין דעם שאטען פון מיין הויז, אפשר אונטער מיין אייגענעם דאך. מיין הויז איז באפלעקט מיט בלוט, מיט דעם בלוט פון מיין איי־גענעם תלמיד. זיין קערפער ליגט אויף דעם פעלזען צופרעסען פון שאקאלען און רויב־פויגלען ווי דער פגר פון אן אלטען פערד. וואס האט פאסירט אין יוקרת?

אלע: (שווייגען).

ר׳ יוסי: איך וועל באלד דערגעהן וואס דא האט פאַסירט. מיין גאנץ הויז־געזינד וועט זיך דאַ פארזאמלען אויף מיין באפעהל. איך וויל הערען ווער ס׳האט צום לעצטען מאָל געזעהן מיין ערמאָרדעטען תלמיד. דוסתאי, ברענג אריין די קנעכט און די דינסטען.

דוסתאי: (אָב).

ר׳ יוסי: פּפּא, רוף אריין מיין פרוי און מיין טאָכטער.

פּפּא: (אָב).

ר׳ יוסי: קיינער איז ביי מיר ניט ריין פון חשד. איך וועל אנהויבען זוכען דעם מערדער אין מיין אייגען הויז.

(דוסתאי קומט אריין נאָכגעפאָלגט פון די קנעכט און דינסטען. זיי גרופּירען זיך לינקס אין פאָר־גרונד. פּפּא קומט צוריק און שטעלט זיך נעבען די איבריגע תלמידים גרופּירט רעכטס, נעהענטער צו ר׳ יוסי׳ן. דורך די פאָרהאַנגען קומען אריין ילתא און אורזילא).

ר׳ יוסי: (הויבט זיך אויף; אין אַ רוהיגען, שאַרפען טאָן) זיינען אַלע דאַ?

דוסתאי: יא, רבי. אַלע — חוץ די פאַסטוכער.

ר׳ יוסי: די פאַסטוכער זיינען וויט פון יוקרת און דער מאָרד איז באַגאַנגען געוואָרען דאַ. (צו די פאַרזאַמעלטע) זייט וויסען, אַז מיט דריי טעג צוריק איז געמאָרדעט געוואָרען אין יוקרת, שילא דער זוהן פון אביטל פון גוש־חלב. דער מערדער האָט דער קערפּער ארונטערגעוואָרפען פון דעם פעלזען־שפּיץ הינטער מיין הויז. ער האָט געזוכט זיין בלוטיגע טהאַט צו באַהאַלטען. ס׳איז איהם אָבער ניט געלונגען. דער מאָרד איז ענטדעקט; דער מערדער וועט ענטדעקט ווערען. איהר אַלע פון מיין הויז־געזינד זענט די ערשטע אויף וועמען דער חשד וועט פאַלען. ענטפערט מיר, פאַר גאָט, ווער פון אייך ווייסט עפּעס וועגען דעם מאָרד?

אַלע: (שווייגען).

ר׳ יוסי: אויב דער מערדער געפינט זיך צווישען אייך,

וועט איהם זיין שווייגען גאר ניט העלפען. קיין מאכט אין דער וועלט וועט איהם קענען באשיצען געגען דעם צארן פון דעם אל־מעכטיגען. ווער עם פארגיסט מענשען־בלוט, וועט דורך א מענש זיין בלוט פארגאסען ווערען. ענטפערט מיר, אויף וועמעס הענד קלעפט דאס בלוט פון שילא דעם זוהן פון אביטל?

א ל ע : (שווייגען).

ר' י ו ס י : איך קען ניט דורכדרינגען דורך דער אייזער־נער וואנד פון אייער שטילשווייגען. ענטפערט, ווער פון אייך האט איהם צום לעצטען מאל געזעהען?

ע י ל י ש : איך, גרויסער ר' יוסי. איך האב איהם צום לעצטען מאל געזעהן.

ר' י ו ס י : א לעבעדיגען?

ע י ל י ש : מיט דריי טעג צוריק; ביי דעם פלויט פון דיין גארטען.

ר' י ו ס י : דאן בין איך און אבא יודן אויך דארט געוועזן.

ע י ל י ש : יא, יא. נור איידער מיר זיינען אוועקגעגאנגען, האב איך נאך אויסגעדרעהט דעם קאפ עפעס צו זאגען אבא יודנ'ן און אזוי האב איך איהם געזעהן א רגע שפעטער פון דיר, גרויסער ר' יוסי.

ר' י ו ס י : (גיט עילישן א פינסטערען בליק, דער אלטער כזיר ווערט א צוטומעלטער און רוקט זיך אב אין א ווינקעל; צו אבא יודן) שילא איז דאן געבליבען מיט דיר, אבא יודן. וואס האט ער געטהון נאכדעם ווי איך בין אוועקגעגאנגען אויף דעם וועג וואס פיהרט קיין קאיומייא?

א ב א י ו ד ן : (וועלכער איז געשטאנען די גאנצע צייט מיט אן ארונטערגעלאזטען קאפ) איך — — ער — ער איז אוועק אין וואלד.

ר' י ו ס י : מיט דער וואלד־סטעטשקע?

אבא יודן: יאָ.

ר' יוסי: און ווען ער איז צוריקגעקומען?

אבא יודן: (צוטומעלט) ווען ער איז צוריקגעקומען? איך — — איך — — (ער דערפילט אורזילא'ס בליק אויף זיך און ער ברומט אַרויס ווילד) מעהר האָב איך איהם ניט געזעהן!

ר' יוסי: ביזטו זיכער, אבא יודן?

אורזילא: (קומט אבא יודן צו הילף) איך האָב איהם געזעהן ווען ער איז צוריקגעקומען פון וואַלד.

ר' יוסי: (איבעראַשט) דו? וואו ביזטו דאַן געווען?

אורזילא: ביי מיר אין צימער.

ר' יוסי: ווי אַזוי קומסטו איהם צו זעהן?

אורזילא: איך האָב אַרויסגעקוקט פון פענסטער. ער איז אָנגעקומען טראָגענדיג אַ לאַנג מעסער אין דער האַנד. איך האָב איהם געזעהן פאַרשווינדען הינטער דעם הויז.

ר' יוסי: איז נאָך אימיצער געווען דאַן אין גאָרטען?

אורזילא: קיינער ניט.

ר' יוסי: (צו ילתא'ן) ביזטו געווען מיט איהר די גאַנצע צייט אין הויז, ילתא?

ילתא: (שטיל) יאָ.

ר' יוסי: האָסטו אויך געזעהן שילא'ן ווען ער איז אָנגעקומען פון וואַלד?

ילתא: ניין. איך בין ניט געשטאַנען ביים פענסטער. איך בין געזעסען אויף דעם דיוואַן און געשפּינט.

ר' יוסי: די לעצטע שפּור פאַרשווינדט. איך קען ניט אָבוואַשען דעם מאָרד־פלעק פון מיין הויז. (זיין פּנים פאַרציהט זיך אין אַ קאָנוואולסיוועז שמערץ; ער הויבט אויף די אויגען צום הימעל) גאָט פון יוסי פון יוקרת! העלף מיר טהון רעכט און גערעכטיגקייט. (בלייבט אין דער פּאָזע עטליכע סעקונדען. דאַן בעהכט זיין פּנים ווידער אָן דעם שטרענגען, ענטשלאָסענעם אויסדרוק —

ער איז ווידער דער מעכטיגער הערשער פון יוקרת; מיט אַ שרעקליכער שטימע) ווער פון אייך איז שילא׳ס מערדער? ענטפערט! (לויפט אריין אין צענטער פון די גרופען און פיקסירט אַלעמען מיט זיין שאַר־פען בליק).

**אַלע:** (שווייגען. שרעק שפיגעלט זיך אָב אויף זייערע פנים׳ער).

**ר׳ יוסי:** (געהט פון איינעם צום צווייטען און מעסט יעדען אָב מיט זיין בליק).

**אורזילא:** (זוכט צו כאַפּען אבא יודנ׳ס בליק אָבער ס׳גע־ליגגט איהר ניט. ער קען ניט אָברייסען די אויגען פון ר׳ יוסי׳ן און זיין בליק פאָלגט נאָך אויף אַ מאַגנעטישען אופן די באַוועגונגען פון ר׳ יוסי).

**ר׳ יוסי:** (קומט צו צו אבא יודן. עטליכע סעקונדען הערשט צווישען די צוויי א שטומע, שרעקליכע מלחמה. פּלוצלינג אָבער ווערען אבא יודנ׳ס אויגען שטאַר פון שרעק. ר׳ יוסי לעגט אַרויף אַ שווערע האַנד אויף זיין פּלייצע; ברומענדיג) האַ?! דו, אבא יודן?

**אבא יודן:** (טרעט צוריק עטליכע שריט. זיינע פּיס וואַק־לען זיך. ער מאַכט אַן איבערמענשליכע אָנשטרענגונג און ברומט אַרויס ווילד) ניין! ניין!

**ר׳ יוסי:** דיין פּנים רעדט נעגען דיר, אבא יודן. דיינע אויגען דערצעהלען דאָס וואָס דיינע ליפּען לייקענען. אבא יודן! איך באַשווער דיך ביי דעם גרויסען גאָט פון ישראל. ענטפער!

**אבא יודן:** (ווי פריהער) ניין!

**ר׳ יוסי:** דיין ניין שטעלט מיך ניט צופרידען. דיינע הענד זיינען באַפלעקט מיט בלוט! (זיין שטימע ברעכט) גרויסער גאָט! העלף מיר! זאָל נאָך אַ מערדער ירש׳ענען מיין שטוהל און לערנען אַנדערע די תורה פון גערעכטיגקייט? גאָט פון יוסי פון יוקרת! ענטפער מיר אין מיין ביטערער נויט! (זיין בליק פאַלט ווידער אויף דעם בלייכען אבא יודן) און איך זאָג, אַז דו ביזט עס!! (צו די אַנדערע) ווער פון אייך האָט געזעהן ווי דער מאָרד איז באַ־

גאנגען געווארען? א פלוד פון גאט אויף דעם וואס ווייסט און שווייגט!

**אלע:** (שווייגען).

**ר׳ יוסי:** דער מארד איז באגאנגען געווארען שטילער־הייט, הא? אין דער פינסטער. ניטא קיין עדות געגען דעם מער־דער און אהן עדות קען איך איהם ניט ברענגען צו קיין גערעכטען משפט. קיינער האט ניט געזעהן ווי דער מארד איז באגאנגען גע־ווארען. אדער די וואס האבען געזעהן זיינען געווארען זיינע שותפים און שווייגען. אבא יודן, זוהן פון יוחאי, דיך האב איך יענעם טאג איבערגעלאזט היטען מיין הויז. דו זאלסט מיר ענטפערען פאר דעם בלוט־פלעק וואס וועט אייביג ליגען אויף יוקרת. (קורצע פויזע) דו שווייגסט? דאן געה פון דאנען. געה און זאלען דיינע פיס קיינ־מאל ניט געפינען קיין רוה פאר דער שאנד אין וועלכער דו האסט איינגעהילט מיין הויז. געה! און וועה וועט זיין צו דיר, ווען דיין שאטען וועט ווען־עס־איז פאלען אין די גרעניצען פון יוקרת. געה!

**אבא יודן:** רבי — — —

**ר׳ יוסי:** איך בין ניט מעהר דיין רבי. געה!

**אורזילא:** (ווארפט זיך דעם פאטער צו די פיס) טאטע, טאטע! ער איז ניט שולדיג. הער מיך —

**ר׳ יוסי:** שווייג שטיל. פאר מערדער בעט מען ניט קיין רחמנות. (צו אבא יודן) געה!

**אבא יודן:** (לאזט זיך געהן צו דער טהיר, הויבט זיך אן וואקלען און פאלט אום).

**אורזילא:** טאטע, הער מיך, הער מיך — — —

**ר׳ יוסי:** שווייג!

**עילִיש:** (קריכט ארויס פון זיין ווינקעל) רחמנות קען ניט קיין גוטע און קיין שלעכטע — בלויז אומגליקליכע. (געהט צו צו אבא יודן און הויבט איהם אויף) קום, יונגערמאן. אין מיין הייל

איז דאָ ווייכער מאַך און דו וועסט דיך קענען אויסרוהען צו דיין ווייטער נסיעה. טײטלען, ברוך השם, מאַנגעלט אויך ניט. דו קום מיט מיר. (ביידע אָב).

אורזילא: (שפּרינגט אויף; צולאַכט זיך היסטעריש) דו וועסט צוריקומען, אבא יודן, דו וועסט צוריקומען. (וויל איהם נאָכלויפען צו דער טהיר. ר' יוסי טהוט זי אַ כאַפּ ביי דער האַנד און האַלט זי פעסט. זי רייסט זיך און שרייט) דו וועסט צוריקומען, אבא יודן! דו וועסט צוריקומען!

(פאָרהאַנג)

## דריטער אקט

(אורזילא'ס צימער. אין הינטערגרונד, א טהיר וואס פיהרט אין א צווייטען צימער. לינקס, א צווייטע טהיר — דער הויפט־איינגאַנג. רעכטס, צוויי פענסטער, דורך וועלכע מ'קען זעהן דעם גאַרטען. נעבען די פענסטער, א נידריגער דיוואַן. א קליינער טיש ביי דעם ווינקעל פון דער וואַנד, לינקס.

די ביהנע איז פינסטער. דורך די פענסטער קען מען זעהן דעם גאַרטען אין דעם זילבער־ליכט פון דער פולער לבנה. די שטראַהלען באַלייכטען דאָס פּנים פון אורזילא וועלכע ליגט אויף דעם דיוואַן. ילתא זיצט צופוסענס פון אורזילא אָבער זי איז איינגאַנצען איינגעהילט אין שאָטען).

**אורזילא:** (אין א שוואַכער שטימע) מאַמע, וואו ביזטו?

**ילתא:** איך בין דאַ, קינד מיינס. איך בין ניט אוועקגעגאַנגען.

**אורזילא:** אָבער איך קען דיך ניט זעהן, מאַמע. דיין קול קלינגט אַזוי ווי פון א טיעפער הייל, אַזוי שוואַך און אַזוי טרויריג. וואו ביזטו, מאַמע?

**ילתא:** אט בין איך, קינד מיינס. איך בין ניט אוועקגעגאַנגען. איך זיץ נעבען דיר. איך האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט, בין איך געזעסען שטיל. איך האָב דיך ניט געוואָלט אויפוועקען.

**אורזילא:** איך קען ניט שלאָפען. איך מאַך בלויז צו די אויגען אויף א ווייל, אָבער איך ווער ניט אנטשלאָפען.

**ילתא:** דאָס פיבער איז נאָך אַלץ אין דיין בלוט, עופה'לע מיינס.

אורזילא: ניין, מאמע, מיך פיבערט ניט. נור שלאָפען קען איך ניט. ווען איך דרימעל איין, ווער איך פלוצלינג אזוי לייכט ווי א פעדער. דער ווינד טראגט מיך אוועק אין די לופטען, גאנץ הויך, טראגט מיך אהין און אהער און לאזט מיך ארונטערפאלען אין דעם שווארצען בארג־שפאלט הינטער דעם הויז. קום אהער, מאמע, קום אהער.

ילתא: (הויבט זיך אויף און געהט צו נאָהענטער צו אור־זילא. דער לבנה־שיין פאלט אויף איהר בלאסען פנים) איך וועל דיך איינדעקען, קינד. דיר איז קאלט. (דעקט זי איין. בויגט זיך צו און קושט זי) און איצט שלאף, מיין קראנק שעפעלע.

אורזילא: (נעהמט דער מוטערס פנים אין איהרע הענד און קוקט זיך אין איהר איין שווייגענדיג; דאן) מאמע, דו האסט שוין ווידער געוויינט.

ילתא: ניין, ניין, קינד מיינס. (הויבט אן שטיל בליפען).

אורזילא: (מאַכט נאך דער מוטער׳ס קול) ניין, ניין, קינד מיינס — און וויינט ווידער. דו מיינסט, אז איך שטארב שוין? דו ביזט א נארישע מאמע. איך בין שוין ניט קראנק. מאָר־גען שטעה איך אויף און וועל מיר לאזען אנזאטלען דעם אייזעל. איך וועל ארונטער רייטען אין טהאל צו דעם אלטען נזיר.

ילתא: צו דעם אלטען נזיר? וואס דארפסטו דעם אלטען נזיר?

אורזילא: (שטילערהייט) אבא יודן ליגט באהאלטען אין זיין הייל.

ילתא: דו האסט א טעות, קינד. ער האט דארט בלויז איין נאכט איבערגענעכטיגט. אויף מארגען איז ער פארשוואונדען.

אורזילא: אבער ווייט אוועק איז ער ניט. ווי לאנג איז שוין זייט ער האט פארלאזען יוקרת?

ילתא: שוין באלד א חודש. א פינסטערער חודש איז דאס געווען. ווי איך האב עס געציטערט פיר דיין לעבען, מיין איינ־ציג טעכטערעל.

אורזילא: א גאנצער חודש? איך בין הפנים טאקע שטארק קראנק געווען. הא, מאמע? ניט געפיהלט ווי די טעג זיי־נען געפלויגען. נו, שא, מאמע. וויין ניט. איך בין שוין געזונד. (קורצע פויזע) געדענקסטו וואס איך האב געזאגט אבא יודנ׳ן איי־דער ער איז אוועק פון יוקרת?

ילתא: איך געדענק. אבער — —

אורזילא: איך האב איהם געהייסען צוריקומען (אונ־געדולדיג) פארוואס קומט ער ניט?

ילתא: דער גרויסער ר׳ יוסי האט דאס פארבאטען. פאר־שטעהסטו וואס דאס מיינט, קינד? דער גרויסער ר׳ יוסי, דער פעלזען פון גליל, דער הערשער פון יוקרת. דאס איז אן אייזערנע וואנד, קינד מיינס, און דו ווילסט זי צוברעכען מיט דיינע קינ־דערשע הענטלאך.

אורזילא: וואס סטראשעט איהר אלע מיט דעם גרוי־סען ר׳ יוסי? איך פארשטעה אייך ניט. אבא יודן האט אויך תמיד געציטערט ווען ער האט דערמאהנט זיין נאמען. אייער גרויסער ר׳ יוסי איז א מאן; ער איז שטארק; ער ברומט ווען ער רעדט. אבער איך האב שוין געזעהן אנדערע מענער, שטארק און שטרענג און פינסטער ווי די נאכט. איך האב בלויז א שמייכעל געטהון און אויסגעשטרעקט מיין נאקעטען ארעם פון אונטער דעם ארבעל און אין זייערע אויגען האבען אנגעהויבען טאנצען פייערען. אט זעה: פאר דעם גרויסען ר׳ יוסי האט אבא יודן געציטערט; צוליעב מיר האט ער געמארדעט. (צולאכט זיך ווילד).

ילתא: הער מיך, קינד. דו קענסט ניט דיין טאטען. בלויז פיער יאהר ביזטו אלט געווען, ווען איך האב דיך פון איהם אוועק־גענומען. פופצעהן יאהר האב איך אבגעפינסטערט אין דעם הויז פון מיינע עלטערען אין קסריה — א לעבעדיגע אלמנה. ווייסטו, קינד, פארוואס מיין לעבען איז צובראכען געווארען? ווייסטו פאר־וואס איך האב געלערענט א קינד רופען זיין טאטען ביי אזא שרעק־

ליבען נאָמען? (צװאַנגט זיך היסטעריש) איך װאָרען דיך, קינד, איך װאָרען דיך.

אורזילא: (לעהנט אָן דעם קאָפּ אויף דער מוטער'ס אַק־סעל; צערטליך) דו װיינסט שוין װידער, מאַמע? נו, שאַ! װיין ניט; אויב ניט הויב איך אויך אָן צו װיינען. נו, ציטער ניט אַזוי, מאַמע. מיך װעט דער טיראַן ניט אַרויסיאָגען אין די בערג.

ילתא: אַרויסיאָגען װאָלט דאָס קלענסטע אומגליק גע־װען. אַזוי באַשטראָפט דער גרויסער ר' יוסי בלויז פרעמדע. איי־גענע — מאָרדעט ער.

אורזילא: ער איז אַ מערדער?

ילתא: (מיט אַן אונהוימליכער שטימע) יאָ, ער איז אַ מער־דער. ער האָט מיין איינציגען זוהן געמאָרדעט.

אורזילא: (אין גרויס שרעק) מאַמע! מאַמע!

ילתא: (באַרוהיגט זי) זיי מיר מוחל, קינד מיינס. מיין האַרץ איז שװער און אָנגעזאָפּט מיט יסורים. דו האָסט אַמאָל אַ ברודער געהאַט. ער איז געװען שעהן װי דער מאָרגען־שטערן. הימ־לען האָבען זיך געשפּיגעלט אין זיינע ליכטיגע אויגען. ער איז גע־פאַלען אַ קרבן פון דיין טאַטע'ס גערעכטיגקייט, אורזילא. אין דעם נאָמען פון גאָט האָט איהם דער טיראַן אומגעבראַכט.

אורזילא: מיר האָט ביז איצט קיינער ניט דערצעהלט אַז מיין ברודער איז געשטאָרבען פון דעם טיראַנ'ס האַנד. נור איך געדענק, אַז אַבא יודן האָט גערעדט װעגען מיין ברודער און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַראָב פון רעכטען װעג.

ילתא: (לאַכט) פון רעכטען װעג! דעם טיראַנ'ס װעג איז אַזוי שמאָל, אַז קיינער װיל זיך אויף איהם ניט שטעלען. מיין קינד איז געװען געטליבער פון איהם. זיין נאַצער כח ליגט אין פאַרשקלאַפען, צוברעכען, פאַרניכטען. מיין הילל האָט געװאָלט בויען, שפּייזען, היילען.

אורזילא: און דאָס איז געװען זיין איינציגע זינד?

י ל ת א : זיין זינד איז באשטאנען אין דעם וואס ער האט באוויזען א זעלטענעם וואונדער. אויף זיין געבעט האט זיך א פייגענבוים צובליהט און די פייגען זיינען געצייטיגט געווארען.

א ו ר ז י ל א : אויף זיין געבעט?

י ל ת א : דיין ברודער איז געווען געבענשט מיט א געטליכער קראפט, וועלכע קען בויען וועלטען. אט די הימלישע מתנה האט איהם דער טיראן ניט געקענט מוחל זיין.

א ו ר ז י ל א : מיר איז ניט קלאהר וואס דו רעדסט, מאמע. א געבעט — און א פייגענבוים האט זיך צובליהט! צו וואס האט דאס הילל געטהון?

י ל ת א : ער האט געוואלט שפייזען די הונגעריגע קנעכט אין פעלד. דער טיראן האט זיי באדארפט ברענגען דעם מאלצייט. ער האט זיך פארשפעטיגט. די קנעכט זיינען געווען פארשמאכט פון הונגער. מיין גרויסער זוהן אבער האט ניט געקענט זעהן א הונגעריגען און איהם ניט געבען זאט צו עסען. און ווען דער טיראן האט דאס געזעהן האט ער אנגעהויבען ליארמען אז מיין קינד איז געווארען א כישוף־מאכער, א געצענדיענער, א נוצרי און — און — (בליבט שטיל).

א ו ר ז י ל א : און צוליעב דעם האט א פאטער זיין אייגענעם זוהן געמארדעט?

י ל ת א : קינד, איך ווייס ניט ביז היינטיגען טאג וואס ס'איז געשעהן. איך ווייס ניט וואס דער טיראן האט איהם געטהון. נור א וואך שפעטער האט הילל'ן די קאלטע ערד צוגעדעקט. ס'איז געווען אזא נאכט ווי היינט. די לבנה האט באשטראהלט די בוימער און די בלומען־בייטען. געגען האלבע נאכט האט מיין הארץ א ציטער געטהון פון שרעק און איך האב מיך אויפגעכאפט. איך בין צוגעגאנגען צום פענסטער און אריינגעהערט אין דער נאכט אריין. מיר האט זיך געדאכט, אז איך האב געהערט אימיצען זיפצען אין גארטען. און פלוציננ האב איך זיי דערזעהן — דעם פא־

טער און דעם זוהן. זיי האבען שפאצירט צווישען די בוימער אויף און אפ. דעם טיראנ'ס שווערער ארעם איז געלעגען אויף מיין קינד'ס האלז־און־נאקען און איך האב איהם געהערט ברומען שטיל און טיעף. פלוצלינג זיינען זיי פארשוואונדען אין די שאטענס און פון צווישען די בוימער האב איך ווידער דערהערט א טיעפען קרעכץ. א קאלטער שוויים האט אנגעהויבען באגיסען מיין שטערן און אין גרוים שרעק בין איך ארונטערגעלאפען זיי זוכען. אבער ביי דעם טויער פון הויז האב איך שוין באגעגענט דעם טיראן און אין זיינע ארעמס האט ער געטראגען מיין זוהן, איהם געקושט און געהאלזט. אבער מיין זוהן איז געווען טויט — — פארשטארצט —

א ו ר ז י ל א : (שרייט) מאמע! מאמע!

י ל ת א : שא, שא, קינד מיינס. פופצעהן יאהר — —

א ו ר ז י ל א : פארוואס ביזטו צוריקגעקומען אהער?

י ל ת א : הא?

א ו ר ז י ל א : פארוואס ביזטו געפאלען צו זיינע פיס און פיר איהם געוויינט, אז ער זאל דיך צוריקנעהמען? וואס זוכסטו דא? הא? איך וויל דא ניט זיין. נעהם מיך אוועק פון דאנען. איך וויל דא ניט זיין! איך האב מורא.

י ל ת א : פארוואס בין איך צוריקגעקומען אהער? הא? פארוואס בין איך צוריקגעקומען אהער? ווארט און איך וועל דיר דערצעהלען. אין קסריה וואוינען דיין טאטענס גרעסטע שונאים. דארט הערשען די, וואס דיענען גרויסע, שעהנע, נאקעטע געטער. צווישען זיי האב איך דיך — גיין, איך קען ניט. דו וועסט ניט פארשטעהן. (צולאכט זיך היסטעריש) נאך וואס איך בין צוריקגעקומען? כא, כא, כא!

א ו ר ז י ל א : לאך ניט אזוי שרעקליך, מאמע. איך וויל ניט וויסען נאך וואס דו ביזט צוריקגעקומען. אבער דא וויל איך ניט זיין. נעהם מיך אוועק פון דאנען. איך וועל דא ניט בלייבען איין מינוט. איך וויל ניט! ברענג אריין די מנורה. שנעל, שנעל!

**ילתא:** בארוהיג דיך, קינד. אַט וועל איך מאַכען ליכטיג. (געהט אַב אין צווייטען צימער און קומט אַריין מיט אַ ברענענדיגער אויל־מנורה; די ביחנע ווערט ליכטיג) איך האָב נור געוואַרט דו זאָלסט צוריק געזונד ווערען, קינד מיינס. מיין שליחות אין יוקרת האָב איך שוין אויסגעפיהרט. איצט וועלען מיר אַוועקגעהן פון דאַ־נען און קיינמאָל ניט צוריקומען.

**אורזילא:** איך וויל אַנטהון מיינע קליידער און אַרונ־טערגעהן.

**ילתא:** חלילה, קינד מיינס. דו ביזט נאָך שוואַך און די נאַכט־לופט איז שאַרף. (ס'הערען זיך שווערע טריט אין דעם פאַר־הויז) ששש! עמיצער געהט. (הערט זיך צו ביי דער טהיר ליגקס) דער טיראַן! איך הער זיינע טריט. וואָס וויל ער? ווערה צו מיר! ער האָט געזעהן אַ ליכט אין פענסטער. (קורצע פויזע; צושרייט זיך) ער קומט נאָך דיר, אורזילא, ער קומט נאָך דיר!

**אורזילא:** (שטעהט ווי פאַרשטיינערט).

**ילתא:** שנעל! געה אַריין אין מיין שלאָף־צימער און לעג דיך אויף מיין בעט. (פיהרט אַריין אורזילא'ן אין צווייטען צימער, פאַרמאַכט די טהיר און זעצט זיך אַוועק אויף דער שוועל. איהר פנים בעהמט אָן דעם אויסדרוק פון אַ חיה וואָס זיצט ביי דעם מויל פון אַ נאָרע, צו פאַרטהיידיגען איהרע יונגע געגען אַ שונא).

**ר' יוסי:** (קומט אַריין דורך דער טהיר, לינקס; קוקט זיך אַרום אין צימער) וואו איז אורזילא?

**ילתא:** (שטיל) זי שלאָפט ביי מיר אין צימער.

**ר' יוסי:** זי שלאָפט? און איך האָב געהערט איהר קול ערשט אַ מינוט פריהער, ווען איך בין געשטאַנען אונטען אין גאָרטען. זי האָט געשריגען אַזוי ווי אין גרוים שרעק.

**ילתא:** דאָס שרייט זי אַלעמאָל אין שלאָף. ששש! רעדט ניט אַזוי הויך. דו וועסט זי נאָך אויפוועקען.

**ר' יוסי:** (מיט אַ שפּאָטישען געלעכטער) וואָס פיר אומ־

געלומפּערטע תירוצים דו זוכסט אַרויס, ילתא. איך ווייס אַז זי שלאָפט ניט. זי איז ביי דיר אין צימער און ציטערט פון שרעק. זי האָט מורא פאַר דעם שאָטען פון איהר אייגענעם פאָטער.

ילתא: (מיט אַן אָבגעקעהרטען פּנים) ס'איז איצט שפּעט, זאָג איך. דאָס קינד איז קראַנק און מיד. דו קענסט זי זעהן מאָר־גען, אויב דו ווילסט וועלען.

ר' יוסי: מאָרגען? ווען מאָרגען? איך קען שוין מעהר ניט צעהלען די מאָרגענס וואָס איך בין ארומגעגאַנגען זו־כענדיג דעם וועג צו מיין קינד'ס האַרץ. כסדר שטעהסטו אין וועג. ביי מיין אָנבליק ווערט זי שטום ווי אַ שטיין. און דו? ווי אַ טי־גערין ביי דער נאַרע זיצסט דו און היטסט. פאַר וועמען היטסט דו זי? האַ? פאַר מיר?

ילתא: (צווישען די צייהן) געגען דעם טיראַן וואָס פלוכט פרעמדע און מאָרדעט אייגענע.

ר' יוסי: (אויפגעקאָכט) איך מאָרדע אייגענע? דו — — (באַרוהיגט זיך) זיי מיר מוחל, ילתא. אפשר ביזט דו גערעכט. דיר אַנטקעגען קען איך ניט שטעהן מיט אַ רוהיגען געוויסען. געגען דיר האָב איך שווער געזינדיגט.

ילתא: (וויינט) מיין זוהן, מיין איינציגער, מיין טייערער.

ר' יוסי: הער מיך, ילתא. איך בין ניט געוואוינט מיך צו פאַרענטפערען פאַר מיינע טהאַטען. אָבער איך זאָג דיר, ווייב, אַז ווען אַ מאַן ווי איך מוז אויסקלייבען צווישען דעם צוברעכענעם האַרץ פון אַ מוטער און דעם כבוד פון דעם גאָט פון ישראל, וועט שוין פיר איהם דער גיהנום אויך ניט צו הייס זיין.

ילתא: און דו האָסט אויסגעקליבען דאָס צוברעכענע האַרץ פון אַ מוטער! (שפּרינגט אויף) גרויסער ר' יוסי, פעלזען פון גליל, הער וואָס איך זאָג דיר: אויב דיין גאָט פאַרלאַנגט אַזוינע קרבנות, דאַן וויל איך איהם ניט דינען. ער איז אַ מולך, אַ קינדער־פרעסער, אַ טיראַן ווי דו!

ר׳ יוסי: לעסטער ניט, ווייב, לעסטער ניט! דו קענסט ניט זעהן ווייטער ווי דעם שאטען פון דיין אייגענעם אומגליק. דענקסטו אז מיין הארץ איז א קרעמען? האב איך אויך ניט דעם זוהן פארלוירען?

ילתא: (לאכט ביטער) געמארדעט, מיינסטו! געמארדעט אויף גאט׳ס באפעהל!

ר׳ יוסי: וואס האסטו געוואלט? איך זאל ווערען א צווייטער פאנדרע? דער פאטער פון א געטשקע? איך האב געהאלטען אז אויג אויף הילל׳ן. איך האב געזעהן. צופיעל האט ער זיך גע׳חבר׳ט מיט די נוצרים און פון זיי האט ער עס געלערענט באווייזען די שווארצע מופתים. גאנצע חבריות זיינען זיי געקומען כדי צו הערען זיין תורה.

ילתא: מיין געטליכען זוהן, מיין גרויסער הילל!

ר׳ יוסי: דו האסט געזאלט זעהן דיין געטליכען זוהן ווי איך האב איהם געזעהן, צווישען דער באנדע געצענדיענער. מיט היוך־אויפגעהויבענע הענד איז ער געשטאנען נעבען דעם פריש־צובליהטען פייגענבוים. זיינע אויגען זיינען געווען אויפגעהויבען צום הימעל און זיינע לאקען האבען געבלישצעט אין די שטראהלען פון דער זון. „הייליגער פאטער, איך דאנק דיר פאר שפייזען דיינע הונגעריגע קינדער!" האבען זיינע ליפען געמורמעלט און די שמור־ציגע קנעכט זיינען געלעגען אויף די קניעס ארום איהם — (שרייט) איך וויל ניט זיין קיין צווייטער פאנדרע! איך וועל אויף מיר ניט טראגען דעם אייביגען פלוך פון מיין פאלק! ניין! איך וויל ניט, אז מען זאל דערמאהנען מיין נאמען מיט שפאט און מיט צייהן־קריצעניש ביז צום סוף פון אלע דורות!

ילתא: דער פלוך פון א פאלק און דאס צייהן־קריצעניש פון די דורות — וואס געהען זיי מיך אן? וואס זיינען זיי צו מיר? קען איך זיי צודריקען צו מיין ברוסט? קען איך זיי אנווארימען מיט מיין לייב? קען איך זיי היילען ווען זיי זיינען קראנק?

פאנדרעס, געטער, קרבנות! וואס רעדסטו? וואס איז דאס? (ווילד) און צוליעב אט דעם האסטו ביי מיר אוועקגערויבט א לעבעדיגען זוהן? (שטרעקט אויס די פינגער ווי די נעגעל פון א חיה) דו ביזט א מערדער! (צולאכט זיך) — און א נאר!

ר' יוסי: (זיפצט) איצט איז שוין צו שפעט, ילתא. אפשר דענצמאל, ווען דו וואלסט דיך געוועזן געשטעלט געגען מיר, וואלסטו געווען געפונען א שטארקען חבר אין מיין אייגענעם הארץ.

ילתא: (שרייט) איך האב ניט געוואוסט! איך האב ניט געוואוסט! ביז איך האב איהם ניט געזעהן טויט אין דיינע ארעמס.

ר' יוסי: (שטיל, ווי פאר זיך אליין) איך האב געמוזט. דאס גליק פון דער וועלט האט פון מיר געפאדערט א קרבן. איך אליין בין אומגליקליך געווארען.

ילתא: דאס גליק פון דער וועלט? וואס פיר א וועלט? מענשען וועלכע דו קענסט ניט און ווייסט ניט. מיין וועלט איז א פיעל גרעסערע ווי דיינע. איך קען זי, איך ווייס זי, איך פארשטעה זי. אורזילא איז די גרעניץ פון מיין ליעבע: הילל — די גרעניץ פון מיין שמערץ; דו — די גרעניץ פון מיין האס. אבער דיין וועלט? א שאטען פון א חורבה.

ר' יוסי: איך קען איבערטראגען דיין ליעבע, איך קען איבערטראגען דיין האס — אבער ניט דיין תורה וועגען גאט און זיין וועלט. הער מיין עצה, ילתא. דו געה מיר אויס דעם וועג. מיין טאכטער הענגט ביי דעם ברעג פון אן אבגרונד. זי איז פארליעבט אין א מערדער און איז פון בענקעניש קראנק געווארען. קענסט דו, די מאמע, איהר העלפען?

ילתא: יא.

ר' יוסי: ווי אזוי?

ילתא: איהר נאכגעבען דעם פארלאנג פון איהר הארץ.

ר' יוסי: מיין קינד זאל ווערען דאס ווייב פון א מערדער?

י ל ת א: (לאַכט) דיין קינד? גרויסער ר' יוסי, וועלט־פאַרזאָרגער, קענסטו דיין קינד?

ר' י ו ס י: פּופּצעהן יאָהר צייט איז זי אין דיין רשות געווען. געגנוג!

י ל ת א: זאָרג ניט, פּעלזען פון גליל, איך האָב אין די פּופּצעהן יאָהר דיך ניט פאַרגעסען. איך האָב דיר אַ טאָכטער ערצויגען וואָס זאָל דיר זיין אַ כבוד און אַ צירונג. ווייסטו וואָס דו ביזט ביי איהר? (צולאַכט זיך) דער טיראַן!

ר' י ו ס י: (ווי געטראָפען פון אַ דונער) וואָס? (קורצע פּויזע) דער טיראַן?!

י ל ת א: (ווי פריהער) זי גלויבט מיר אויף נאמנות. זי קען דיך דאָך ניט — ניט דיך און ניט דיין גאָט.

ר' י ו ס י: איז דאָס אמת, ווייב?

י ל ת א: יאָ, גרויסער ר' יוסי. און דאָס איז ניט אַלץ. איך האָב זי דיר מחנך געווען אַלס אַ גרויסע צנועה. (לאַכט ווילד) פרעג דיינע תלמידים.

ר' י ו ס י: דו, אַז אייגענע מאַמע, זאָגסט דאָס און לאַכסט!

י ל ת א: דו ווילסט גוטע קינדער, פרומע, איידעלע. איך בין בלויז אַ מאַמע; איך וויל בלויז קינדער. וואָס אַרט עס מיך, ווען צוועלף יונגעלייט דרעהען זיך אַרום האַלב־משוגע צו הערען דעם שאָרך פון איהרע קליידער אין גאָרטען? אָבער דיר גרויסער ר' יוסי, האָב איך אַ טאָכטער ערצויגען וואָס זאָל צוברעכען דיין האַרץ און דיר פינסטער מאַכען דיינע אויגען. (שרייט) יאָ, גרויסער ר' יוסי, פופצעהן יאָהר צייט האָב איך זי געשפּייזט מיט מיין נקמה. איך האָב זי דיר פאַרסמ'ט און זי דיר געבראַכט אַהער אין דיין פעסטונג. אַ חורבן וועט זי דיר דאָ מאַכען. דיין הויז וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מאָרד־הייל און פון דיינע תלמידים וועט זי באַרג־רויבער מאַכען.

ר׳ יוסי: שווייג! דו לאגסט!

ילתא: (לאכט) כא, כא, כא! (מאכט נאך אורזילא׳ס קול) פיר דעם טיראן ציטערט אבא יודן; צוליעב מיר מארדעט ער — כא, כא, כא! דו זאלסט שוין הערען ווי חנ׳עוודיג דיין טאכטער זאגט דאס.

ר׳ יוסי: און בלויז דיין נקמה האט דיך צוריקגעפיהרט קיין יוקרת?

ילתא: יא, גרויסער ר׳ יוסי. איך בין צוריקגעקומען, געקראכען פאר דיר אויף די קניעס, געוויינט און געבעטען דו זאלסט מיר מוחל זיין. יא, דו—מיר! אלץ כדי דו זאלסט מיך צוריקנעהמען אינאיינעם מיט דיין טאכטער. און איצט אז דו קענסט זי שוין וועלען מיר געהן פון דאנען. דו וועסט בלייבען אליין ווי א פוסטער בוים. פרעמדע הענד וועלען ווארפען די לעצטע לאפעטע ערד אויף דיין קבר.

ר׳ יוסי: איך וועל דיר ניט שטעהן אין וועג, ווייב. אבער איידער דו וועסט פארלאזען יוקרת, וויל איך נאך רעדען צו דעם הארץ פון מיין טאכטער.

ילתא: ס׳איז פאר דיר אויף אייביג פארשלאסען.

ר׳ יוסי: (קאנוואולסיוו) ניין, ניין, ניין! (לאזט זיך געהן צום צווייטען צימער).

ילתא: (שטעלט זיך איהם אין וועג).

ר׳ יוסי: (מיט אנגעשטרענגטער רוהיגקייט) ילתא, איך וויל מיין קינד. פופצעהן יאהר צייט האסט דו זי מיר גערויבט. גענוג פיר דיין נקמה. איצט לאז מיך צו מיין קינד. אפשר — — (זיין שטימע ברעכט) אפשר קען איך נאך געפינען דעם וועג צו איהר הארץ, ווייל שווער ליגט אויף מיר מיין איינזאמקייט.

ילתא: ניין!

ר׳ יוסי: (הויבט אויף די האנד; רוהיג און שארף) מאך פריי דעם וועג! (ער פיקסירט מיט זיין בליק ילתא׳ן. קורצע פויזע.

פלוצלינג פארלירט איהר געזיכט דעם טראַציגען און ענטשלאָסענעם אויס־דרוק; איהר ווילען איז געבראָכען; איהר פנים שפּיגעלט אָב שרעק און הילפלאָזיגקייט; ר' יוסי'ס שטימע שאַרף און שטרענג) געה!

יַלתא: (טרעט מיט לאַנגזאַמע שריט און הינטערוויילעכטס צוריק צו דער טהיר לינקס. זי פארשווינדט).

ר' יוסי: (געהט צו צו דער טהיר פון צווייטען צימער און רופט) אורזילא! (קורצע פּויזע) אורזילא! (קורצע פּויזע) קום אריין אהער, אורזילא. (לענגערע פּויזע; געהט צו צום דיוואַן, זעצט זיך און לעהנט אָן דעם קאָפּ אויףביידע הענד) זי הערט מיך ניט. מעגליך אז זי שלאָפט און איך וועל זי ניט אויפוועקען. זי איז קראַנק און געפּייניגט און איהר קינדעריש הארץ איז אָנגעזאָפּט מיט יסורים. (פּויזע).

אורזילא: (עפענט לאַנגזאַם די טהיר פון צווייטען צימער. זי וואַרפט אַן אונרוהיגען בליק איבער דעם צימער. ווען זי דערזעהט דעם פאָטער זיצענדיג אַזוי באַטריבט און טרויריג, ווערט זי דרייסטער און אַ שמייכעל הויבט אָן שפּיעלען אויף איהרע ליפּען. זי געהט פאַר־זיכטיג און שטיל אריין אין צימער).

ר' יוסי: (הויבט אויף דעם קאָפּ און דערזעהט זי. ער שפּרינגט אויף און וויל זי אריינכאַפּען אין זיינע אָרעמס, אָבער ער האַלט זיך צוריק און בלייבט רוהיג) איך האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט, אורזילא.

אורזילא: מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דו האָסט מיך גערופען.

ר' יוסי: יאָ, קינד מיינס. איך האָב פריהער דיך גע־הערט שרייען אַזוי ווי אין גרויס שרעק און איך בין צו דיר געקו־מען.

אורזילא: אַזוי גאָר? דו ביזט מיר געקומען העלפען?

ר' יוסי: יאָ, מיין קינד.

אורזילא: (שמייכעלט; קורצע פּויזע; דאַן) פאַרוואָס האָסטו ארויסגעיאָגט די מאַמע פון דאַנען?

ר׳ יוסי: ווייל זי האט מיר פארשטעלט דעם וועג.

אורזילא: דעם וועג צו מיר?

ר׳ יוסי: יא, דעם וועג צו דיר.

אורזילא: (הויבט אן לאכען שטיל און לאנג).

ר׳ יוסי: (קוקט אויף איהר פארוואונדערט) וואס לאכסט דו, קינד?

אורזילא: (לאבענדיג) גארניט. דו וועסט בייז זיין.

ר׳ יוסי: קינד, איך קען פיעל מעהר פארגעבען ווי דו דענקסט. נור זאג מיר פון וואנען ווייסטו, אז איך האב די מאמע ארויסגעשיקט פון דאנען?

אורזילא: איך האב זיך צוגעהערט הינטער דער טהיר.

ר׳ יוסי: האט דיר די מאמע קיינמאל ניט געזאגט אז אידישע טעכטער הערען זיך ניט צו הינטער טהירען?

אורזילא: די מאמע הערט זיך אויך צו הינטער טהירען. דאס איז גארניט.

ר׳ יוסי: אבער דיין פאטער געפעלט עס ניט. ס׳איז א שלעכטע מדה.

אורזילא: די מאמע זאגט, אז דיר געפעלט קיין שום זאך ניט. אלץ טאר מען ניט. ווייסטו ווי אזוי זי רופט דיך?

ר׳ יוסי: ווי אזוי?

אורזילא: (לאכט) איך וויל דיר ניט זאגען. דו וועסט בייז זיין.

ר׳ יוסי: דער טיראן?

אורזילא: וואונדערבאר! קיין זאך הפנים קען מען פאר דיר ניט באהאלטען. אבער איך גלויב איהר ניט מעהר.

ר׳ יוסי: פארוואס?

אורזילא: ווייל זי האט דיך פיינט.

ר׳ יוסי: און דו האסט מיך אויך פיינט?

אורזילא: הא? (קורצע פויזע) ניין. איך הויב דיך אן ליעב האבען.

ר׳ יוסי: (שמייכלענדיג) ווי לאנג איז דאס וואס דו האסט אנגעהויבען מיך ליעב האבען?

אורזילא: גארניט לאנג. ווען איך האב פריהער געהערט ווי דו האסט די מאמע ארויסגעיאגט צוליעב מיר, האב איך דיך אנגעהויבען ליעב האבען. (ברעכט ווידער אויס אין איהר שטילען, לאנגען געלעכטער).

ר׳ יוסי: (ווארט געדולדיג) וואס לאכסטו, קינד?

אורזילא: זאגסט מיר צו, אז דו וועסט ניט ברומען?

ר׳ יוסי: איך וועל ניט ברומען.

אורזילא: אמת?

ר׳ יוסי: אמת.

אורזילא: איך האב געלאכט וואס דו און אבא יודן האבען זיך באגעגענט אין דערזעלבער אכסניה.

ר׳ יוסי: איך פארשטעה דיך ניט, קינד.

אורזילא: דו האסט ארויסגעיאגט די מאמע, ווייל זי האט דיר פארשטעלט דעם וועג צו מיר. אמת?

ר׳ יוסי: אמת.

אורזילא: מיט אבא יודנ׳ן האט דאסזעלבע פאסירט.

ר׳ יוסי: (ערשטוינט) הא? צוליעב דיר?

אורזילא: יא. שילא האט איהם פארשטעלט דעם וועג צו מיר.

ר׳ יוסי: (זעצט זיך אוועק אויף דעם דיוואן אזוי ווי באטויבט פון שמערץ) גאט גרויסער! צוליעב דיר! צוליעב דיר! (שטיל ווי פאר זיך) און איך האב געהאפט, אז דיין מאמע האט מיך בלויז געוואלט מצער זיין מיט איהרע שרעקליכע רייד. (מיט א טיעפען קרעכץ) צוליעב דער טאכטער פון יוסי פון יוקרת איז דער שרעקליכער מארד באגאנגען געווארען.

(קורצע פויזע).

אורזילא: (לאנגזאם און אויף די שפיץ פינגער געהט זי

צו צו איהם און הויבט איהם אָן גלעטען; גאַנץ שטיל) טאַטע!

ר׳ יוסי: (הויבט אויף דעם קאָפּ; אָטהעמט שווער) וואָס האָסטו געזאָגט, אורזילא?

אורזילא: טאַטע! ליעבינקער טאַטע!

ר׳ יוסי: שוין זעבצעהן יאָהר אז איך האָב עס ניט געהערט, דאָס שרעקליכע וואָרט. הילל׳ס טאַטע דענצמאָל און איצט אורזילא׳ס.

אורזילא: (כאַפּט איהם אָרום מיט ביידע הענד) דו ביזט דאָך מיין גרויסער טאַטע! הא? מיין שטאַרקער, ברומענדיגער, האַרציגער, ליעבינקער טאַטע.

ר׳ יוסי: (הויבט זי אויף אין זיינע אָרעמס און קוקט איהר שווייגענדיג אין די אויגען).

אורזילא: (שמייכעלט) אָה! דו ביזט שטאַרק ווי אַ לייב, טאַטע!

ר׳ יוסי: און דו — לייכט ווי אַ זומער־פויגעלע, אורזילא. (לאָזט זי אַרונטער און זעצט זיך אויף דעם דיוואַן).

אורזילא: (זעצט זיך אַוועק אויף דער ערד ביי איהם צו־פוסענס און לעגט אַוועק איהר קאָפּ אויף זיין שויס) האָסט מיך ליעב, טאַטע?

ר׳ יוסי: יאָ, קינד מיינס.

אורזילא: זעהר ליעב?

ר׳ יוסי: זעהר ליעב.

אורזילא: מיט׳ן גאַנצען האַרץ?

ר׳ יוסי: מיט׳ן גאַנצען האַרץ.

אורזילא: און מיט דער גאַנצער נשמה?

ר׳ יוסי: און מיט דער גאַנצער נשמה.

אורזילא: אויב אַזוי וועל איך דיך שטעלען צו צעהן פּראָבען.

ר׳ יוסי: און אויב איך האַלט ניט אויס?

אורזילא: וועט דאָס זיין אַ סימן, אַז דו האָסט מיך

אבגענארט. איך האב ניט ליעב די וואס נארען מיך אב.

ר' יוסי: (שמייכעלט) נו, אויב ס'מוז זיין צעהן פראַ־בען, זאל זיין צעהן פראבען. גאט וועט מיר מוזען העלפען.

אורזילא: אט אזוי רעדט א ליעבינקער טאטע און אט פארדעם וועל איך ניט זיין זעהר שטרענג מיט דיר. ניין שענק איך דיר שוין — אבער איין פראבע וועל איך דיר שטעלען.

ר' יוסי: נו, לאמיר הערען.

אורזילא: אבער דו מוזט מיר צוזאגען אז דו וועסט ניט בייז ווערען און דו וועסט ניט ברומען.

ר' יוסי: איך וועל ניט בייז ווערען און איך וועל ניט ברומען.

אורזילא: איצט בויג דיך צו צו מיר און איך וועל דיר עפעס זאגען אין אויער. (זי שעפּשעט אין זיין אויער).

ר' יוסי: (שפּרינגט אויף) ער איז א מערדער, אורזילא.

אורזילא: (לאכט) די מאמע זאגט דאסזעלבע אויף דיר.

ר' יוסי: און דו גלויבסט איהר, קינד?

אורזילא: ניין. דו האסט דאס געטהון צוליעב דיין גאט.

ר' יוסי: יא, אורזילא, און מיין הארץ האט דאביי פארבלוטעט.

אורזילא: און אבא יורן האט דאס געטהון צוליעב מיר און זיין הארץ האט אויך דאביי פארבלוטעט.

ר' יוסי: אבער — — אבער — — (קען ניט געפינען קיין ווערטער).

אורזילא: זעה, טאטע. דו ביזט צו מיר צוריקגעקומען ערשט מיט עטליכע מינוט פריהער. נו, שטעל דיר פאר ווען עס זאל איצט עמיצער קומען, מיך אריינכאפּען אין זיינע ארעמס און מיך וועלען אוועקשלעפּען מיט געוואלד אין וואלד אריין. זאג, וואס וואלסטו געטהון?

ר׳ יוסי: איך פארשטעה ניט. האט אפשר שילא — ?

אורזילא: (הוידעט מיט׳ן קאפ אויף יא) שילא האט דאס געוואלט טהון צו מיר און אבא יודן האט איהם דערווארגען. (מיט גרויס אנימירונג) אה! דו האסט געזאלט זעהן ווי ריעזיג ער האט אויסגעזעהן אין יענער מינוט. (מאכט נאך אבא יודל׳ס שטימע) איך שווער, אז דו וועסט מעהר ניט זעהן די זון אויפגעהן אין יוקרת! — דער קלייניקער שילא איז געשטאנען און געציטערט און אפילו זיין געצויגען מעסער האט איהם קנאפ געהאלפען (לאכט ווילד ווי אין עקסטאז).

ר׳ יוסי: (באטראכט זי פון קאפ ביז פיס) און אט יענער שרעקליכער מארד איז צוליעב דיר באגאנגען געווארען, צוליעב דיר.

אורזילא: (שמייכעלט מיעד מיט האלב־געשלאסענע אויגען) יא, גרויסער ר׳ יוסי. בין איך עס ניט ווערט?

ר׳ יוסי: (קוקט אויף איהר עטליכע סעקונדען שווייגענדיג. דאן הויבט ער זי אויף אין זיינע ארעמס און קושט זי אויף די ליפען).

אורזילא: (בלייבט פאסיוו; זי שמייכעלט מיט האלב־געשלאסענע אויגען).

ר׳ יוסי: (אטהעמט שווער) אבא יודן איז גערעכט. דו ביזט עס ווערט! דו ביזט עס ווערט!

אורזילא: (מיט א שוואכער שטימע) איך בין מיעד. איך וויל שלאפען. לעג מיך אויף דעם דיוואן און דעק מיך צו. (שליסט די אויגען).

ר׳ יוסי: (טראגט זי צו צום דיוואן, דעקט זי איין, לאנג־זאם און צערטליך; עטליכע סעקונדען שטעהט ער אנגעבויגען איבער דער שלאפענדיגער אורזילא. פלוצלינג טהוט ער זיך א כאפ ביים קאפ מיט ביידע הענד און שרייט מיט אן אונהיימליך קול) גאט! גאט! העלף מיר! (אנטלויפט שנעל הורך דער טהיר לינקס).

(פארהאנג)

## פערטער אקט

(דער גארטען פאר ר׳ יוסי׳ס הויז. די ביימער און בלומען־בייטען זיינען באלויכטען פון דעם זילבער־העלען לבנה־שיין. אין פארלויף פון דער האנדלונג ווערט דאס ליכט בלייכער און מאטער אזוי, אז ביים שלום הויבט זיך אן באווייזען דאס מארגען־ליכט אין מזרח).

עילישׁ׳ס קול: (פון די טיפענישען אין די בערג; זינגט):

פון טיפער הייל אין פעלזענשטיין
הער, גרויסער גאט, מיין הארץ־געוויין.
מיין תפלה הער
און זעה מיין טרעהר.

ס׳רוישט דער טייך, ס׳ברומט דער וואלד
דער שטורם שרייט, דיין דונער קנאלט.
אין וועלטען־קלאנג
איז דיין געזאנג.

דער אינד פון ים, דער פלאמען־בליץ
די ווייסע קרוין אויף חרמון׳ס שפיץ
דאס איז דיין פראכט
געטליכע מאכט.

עס קניעט פאר דיר דיין קלענסטער קנעכט,
זיין אטהעם שטאקט, זיין הארץ צוברעכט —
הער זיין געוויין,
זיין נשמה־פיין.

ניט מאַכט, ניט פּראַכט, ניט וועלטען־קלאַנג—
נור גנאָד אַליין אין זיין פאַרלאַנג.
מאַכט איז דיין שיין,
גנאָד דו אַליין.

ר׳ יוסי: (קומט אַריין בשעת דעם זינגען דורכ׳ן טויער פון גאָרטען. ער געהט לאַנגזאַם צו ביז צו דעם טויער פון הויז. ביי דעם טויער בלייבט ער שטעהן, עפענט איהם לאַנגזאַם אַזוי ווי אַריינצוגעהן, — און שטעהט אונענטשלאָסען. צום סוף דרעהט ער זיך אויס און געהט אַוועק. אַ קורצע ווייל בלאָנדזשעט ער אין גאָרטען און ענדליך זעצט ער זיך אַוועק אויף דער באַנק אונטער דעם עפּעל־בוים. עטליכע סעקונ־דען שפּעטער הערט דאָס זינגען אויף).

אבא יודן: (קומט אָן מיט דער וואַלד־סטעטשקע; ער געהט שטיל און פאַרזיכטיג; ער קומט צו ביז צום בוים, אונבאַמערקט פון ר׳ יוסי׳ן. ער כאַפּט אָן אַ צווייג מיט זיין האַנד און וויל אַרויפקלעטע־רען).

ר׳ יוסי: (הויבט זיך אויף שנעל) ווער איז דאָרט?

אבא יודן: (שפּרינגט אַרונטער; טרעט אָב עטליכע שריט צוריק און אַ בלאַנק מעסער טהוט פלוצלינג אַ בליץ פאַר ר׳ יוסי׳ס אויגען).

ר׳ יוסי: (רוהיג און געלאַסען) אָה, דו, אבא יודן?

אבא יודן: (ערשטוינט פון ר׳ יוסי׳ס קאַלטבלוטיגקייט, לאָזט זינקען דאָס מעסער און בלייבט שטעהן ווי פאַרשטיינערט).

ר׳ יוסי: דו ביזט געקומען מיך מאָרדען, אבא יודן?

אבא יודן: (שווער אָטהעמענדיג) ניין.

ר׳ יוסי: ניין? אָה, איך פאַרשטעה. ניט נאָך בלו־טיגער נקמה ביזטו אַהער געקומען. דיין בלוטיגע ליעבע האָט דיך אַהער געפיהרט מיט דעם מעסער אין דער האַנד. ווער ס׳שטעהט אין וועג דער ווערט געמאָרדעט. האַ, אבא יודן?

אבא יודן: (שווייגט).

ר׳ יוסי: איך ווייס, אבא יודן, איך ווייס. (לאכט שטיל) אט האסטו געוואלט מארדען, נור דו האסט ניט געקענט. דו זעהסט, אבא יודן, אט אזוי ווערט א מענש נידריגער פון א ווארעם. בלוט־דורשט פון טיגערס און מוט פון לעמער. דאס הארץ גלוסט און די האנד ציטערט. (לאכט) כא, כא, כא! איך ווייס וואס ס׳שפיעלט זיך איצט אב אין דיין הארץ, אבא יודן.

אבא יודן: (הויבט אויף זיינע הענד אין פארצווייפלונג; קרעכצט) רבי, רבי!

ר׳ יוסי: ניין, ניט איצט. אין דער מינוט זיינען מיר חברים. איך בין אזוי הילפלאז ווי דו. קום, אבא יודן, באהאלט דאס מעסער אויף א וויילע. זעץ דיך דא נעבען מיר און לאמיר זיך דורכריידען. דו קוקסט אויס שרעקליך מיעד און אבגעהעצט. זעה, דו שאקעלסט זיך ווי א שכור. (ביידע זעצען זיך) פון וואנען קומסטו, אבא יודן?

אבא יודן: פון די בערג.

ר׳ יוסי: דיינע קליידער זיינען צוריסען און דיין בארד איז ניט געקעמט. וואו איז איצט דיין היים?

אבא יודן: מיין היים? מיט דער קללה פון דעם גרויסען ר׳ יוסי אויף מיין קאפ! (לאכט ביטער) א וואגאבונד פון די בערג בין איך געווארען.

ר׳ יוסי: און ווי אזוי שפייזט דו דיך?

אבא יודן: ווי א הונד. איך בעט. און שענקט מען ניט מיט׳ן גוטען ווילען, נעהם איך ניט געפרעגט.

(קורצע פויזע).

ר׳ יוסי: אין יוקרת ועסטו קיין רוה ניט געפינען, אבא יודן.

אבא יודן: (מיט א געבראכענער שטימע) האב רחמנות, גרויסער ר׳ יוסי, שיק מיך ניט אוועק פון דאנען איידער איך וועל זי זעהן. שוין דריי טעג און דריי נעכט וואנדער איך. אזוי ווי א

פארוואונדעטער הערש בין איך געלאפען איבער די שמאלע בארג־סטעטשקעס. מיינע פיס זיינען בלוטיג פון די שטיינער וואס זיינען אויף מיין וועג געלעגען. אבער איך האב ניט געקענט רוהען. דער ווירבעל־שטורם אין מיין הארץ האט מיך געריסען אהער, נעהענטער צו איהר, צו דיין געטליכער טאכטער.

ר׳ יוסי: איך פארשטעה דיך גאנץ גוט. זי האט דיר געהייסען צוריקומען און דו ביזט געקומען.

אבא יודן: גרויסער ר׳ יוסי, איך האב געוואוסט, אז דאס איז נעגען דיין באפעהל. אין מיינע אויערען האבען כסדר געקלונגען דיינע שרעקליכע ווערטער, ווען דו האסט מיך פון דאנען אוועקגעשיקט: וועה וועט זיין צו דיר, ווען דיין שאטען וועט פאלען אין די גרעניצען פון יוקרת. אבער, רבי, אורזילא איז — — (ער קען ניט ענדיגען).

ר׳ יוסי: איהר ווארט איז שטארקער פון מיין קללה און העכער פון מיין באפעהל. איך וויים, אבא יודן, איך וויים... מירביידע האבען געטרונקען פון איין קוואל. איז אבער דער קוואל געוועןן פאר׳סמ׳ט און דער סם לויפט איצט ארום אין אונזער בלוט. ווען וועסטו פארלאזען יוקרת, אבא יודן?

אבא יודן: רבי, גרויסער ר׳ יוסי, שיק מיך ניט אוועק פון דאנען. איך וועל דא לאנג ניט בלייבען. איך וויל זי בלויז איינמאל זעהן. דערנאך וועל איך געהן און קיינמאל ניט צוריקומען. איך וועל פארשווינדען אין מדבר.

ר׳ יוסי: (שטיל) דו וועסט זי מעהר ניט זעהן.

אבא יודן: ניין, ניין, נור פון דער ווייטענס. איך וויים אז ס׳איז אומזיסט. ר׳ יוסי׳ס טאכטער וועט קיינמאל ניט וועלען אפילו ווארפען א בליק אויף א וואגאבונד פון די בערג ווי איך. זי וועט זיך ניט ערנידריגען אבצואווישען איהר סאנדאל אן דעם זוים פון מיין מאנטעל. זי וועט אויף מיר שפייען. אבער — בלויז איינמאל נאך, איין איינציג מאל וויל איך זי זעהן, בלויז איינמאל.

ר׳ יוסי: איצט בעטעלסט דו. דאָס צווייטע מאָל וועם־טו נעהמען ניט געפרעגט. האָ, אבא יודן?

אבא יודן: איך שווער.

ר׳ יוסי: אין האַרץ האָסטו שוין דיין שבועה גע־בראָכען.

אבא יודן: (פאַרביטערט) אזוי טיעף בין איך נאָך ניט געפאַלען, גרויסער ר׳ יוסי.

ר׳ יוסי: (לאַנגט שטיל) דו ביזט ניט שולדיג, מיין ליעבער תלמיד. דו האָסט געמאָרדעט, דו האָסט ליגען געזאָגט, דו ביזט אַ וואַגאַבונד געוואָרען — און אַלץ צוליעב דעם באַשעפע־ניש וואָס די וועלט רופט מיין טאָכטער. (הויבט זיך אויף) הער, אבא יודן, היינט ביינאַכט בין איך געבען איהר בעט געשטאַנען. מיין אָטהעם האָט אריינגעצויגען די תאוה־דופט וואָס הילט איין, ווי אַ קטורת־וואָלקען, איהר יונגען לייב. (שרייט אין אַ פאַרצווייפעלטען טאָן) איך זאָג דיר, פיעל שרעקליכערע פאַרברעכענס ווי דיינער וועלען נאָך באַגאַנגען ווערען צוליעב יענעם באַשעפעניש — פאַרברעכענס וואָס וועלען מאַכען דאָס בלוט פאַרגליווערען אין די אָדערען! אַנטלויף, אבא יודן! אַנטלויף, זאָג איך דיר, און — (אָטהעמט שווער) — איך וועל אַנטלויפען מיט דיר.

אבא יודן: (ערשטוינט) דו, רבי? דו ווילסט פאַר־לאָזען יוקרת?

ר׳ יוסי: (שווייגט עטליכע סעקונדען; דאַן) דו ביזט גע־רעכט. ניין! איך קען ניט פאַרלאָזען יוקרת. איך קען פון מיין אומגליק ניט אַנטלויפען פונקט אזוי ווענינ ווי דו. (צולאַכט זיך) דו ביזט אַ טפש, אבא יודן, אַ גרויסער, מורא׳דיגער טפש!

אבא יודן: פאַרוואָס זאָגסטו דאָס, רבי?

ר׳ יוסי: ווייל דיין האַנד איז ניט אזוי שטאַרק ווי דיין תאוה. דו פאַרדינסט ניט גליקליכער צו זיין ווי דו ביזט.

אבא יודן: (ווילד) איך פאַרדין דאָס ניט? איך פאַר־דין דאָס ניט? איך האָב מיין ליעבע אין בלוט גע׳טובל׳ט.

ר׳ יוסי: איך ווייס, איך ווייס. אבער אויסגעלאָזט האָסטו דו מיט בעטלען. דו ביזט אַ טפּש. וואָלט דיין האַנד פריהער ניט געוועזן אָנגעהויבען ציטערען, וואָלסט דו שוין געוועזן איצט דערגרייכט דיין ציעל.

אבא יודן: איך פאַרשטעה ניט וואָס דו מיינסט, רבי.

ר׳ יוסי: גאָר פּשוט. אויף דעם האַלבען וועג טאָר מען זיך ניט אָבשטעלען. אַז ניט בלייבט מען שוין דאָס גאַנצע לעבען אַ וואַגאַבונד און אַ וואָגלער ווי דו.

אבא יודן: אָבער, רבי, דיין גורל איז דאָך ניט בע־סער ווי מיינער. אַ מינוט פריהער האָסטו געוואָלט אַנטלויפען מיט מיר.

ר׳ יוסי: אַ מינוט פריהער — יאָ; איצט ניט. דאָס מאָל האָב איך פון דיר געלערנט; איך האָב מיר פון דיר אַ מוסר אַרויסגענומען. איך וועל זיך אויף דעם האַלבען וועג ניט אָב־שטעלען. (טרויעריג) געה, אבא יודן, געה דיר דיין וועג.

אבא יודן: איך בין מיעד און שלעפעריג; שוין דריי נעכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. לאָז מיך דאָ שלאָפען ביז אין דער פריה און איך וועל געהן. (האָט זיך דערווייל אויסגעשטרעקט אויף דעם גראָז און אָנגעלעגט דעם קאָפּ אויף זיינע אויסגעשטרעקטע אָרעמס).

ר׳ יוסי: און דו ווילסט זי נאָך אַלץ זעהן, האָ?

אבא יודן: (מורמעלט פון האַלב־שלאָף) נאָך איינמאָל. נאָך איינ — — — (שלאָפט).

ר׳ יוסי: (באַטראַכט עטליכע סעקונדען דעם שלאָפענדיגען. פּלוצלינג דרעהט ער זיך אויס, געהט שנעל צו צו דעם טויער פון הויז און פאַרשווינדט. — פון וויטענס הערט זיך ווידער שטיל עליש׳ס קול מתפּלל זיין אין זיין הויל. — באַלד קומט צוריק ר׳ יוסי, פיהרענדיג אורזילאַ׳ן ביי דער האַנד. זי געהט לאַנגזאַם. איהר גאַנצער קערפּער דריקט אויס אַ שווערע מאַטקייט און נור איהרע אויגען לייכטען מיט אַן אונ־היימליכען גלאַנץ. ר׳ יוסי פיהרט זי צו צו דעם אָרט וואו אבא יודן

ליגט. מיט אַ שטומער האַנד־באַוועגונג ווייזט ער איהר דעם שלאָפענדיגען).

**אורזילא:** (טהוט אַ ציטער אין גאַנצען קערפּער) ווער איז דאָס, טאַטע? אבא יודן?

**ר' יוסי:** יאַ, קינד מיינס.

**אורזילא:** (באַטראַכט איהם אַ ווייל לענגער) אָבער, טאַטע, זעה ווי שרעקליך ער זעהט אויס. זיינע קליידער זיינען אויסגע־שמירט און זיינע האָר זיינען ניט געקעמט. דאָס איז ניט אבא יודן.

**ר' יוסי:** ניין, קינד מיינס. דאָס איז בלויז זיין שאָטען. דאָס איז אַלץ וואָס ס'איז געבליבען פון מיין געליעבטען תלמיד.

**אורזילא:** (ווי צו זיך אַליין) און ער שלאָפט אין דרויסען, אויף דער הוילער ערד, ווי אַ שמוציגער אייזעל־טרייבער.

**ר' יוסי:** וואַגאַבונדען און וואַגלערס פיהלען זיך ניט היימיש אונטער אַ דאַך. דער וואָס ליגט דאָ איז ניט מעהר ווי אַ וואַגאַבונד.

**אורזילא:** (ווי פריהער) ניין, דער דאָ איז ניט אבא יודן. דאָס נאַרען מיך מיינע אויגען. האַ, טאַטע?

**ר' יוסי:** אמת, קינד. דאָס איז ניט דער אבא יודן וועלכען דו ווילסט.

**אורזילא:** איך וויל יענעם גרויסען אבא יודן, וואָס ליעבט און שווייגט.

**ר' יוסי:** יענער אבא יודן איז פון דאַנען אוועקגע־גאַנגען.

**אורזילא:** און ווען וועט ער צוריקומען?

**ר' יוסי:** קיינמאָל ניט, קינד, קיינמאָל ניט.

**אורזילא:** און איך האָב איהם געהייסען צוריקומען. (מאַכט אַן אָנשטרענגונג ווידער צו געווינען איהר לייכטזיניגען, טראַ־ציג־שפּיעלענדיגען טאָן) פאַרוואָס האָסטו איהם אַרויסגעיאָגט פון דאַנען, טאַטע?

**ר' יוסי:** ווייל ער האָט געמאַרדעט און זיך געשעהמט

מיט זיין אייגענער טהאט. זיין תאוה האט פון איהם געמאכט א שפל'דיגע בריאה. דאס האב איך איהם ניט געקענט מוחל זיין.

אורזילא: ער האט געמארדעט — — אבער דו אליין — — די מאמע זאגט — —

ר' יוסי: קינד, דו פארשטעהסט ניט. ווייסטו וועמען מיין שווערע האנד האט דענצמאל געטראפען? דאס ליכט פון מיינע אייגענע אויגען! די קרוין פון מיין הויז! איך האב דענצמאל מיין ליעבע ערמארדעט.

אורזילא: און פארוואס ווילסטו איצט מיין ליעבע ערמארדען? טאטע! וועט מיין אבא יודן קיינמאל ניט צוריקומען? קיינמאל ניט?

ר' יוסי: דו פארלאנגסט עמיצען וואס איז מעהר ניטא.

אורזילא: אט ליגט ער דאך דא. טאטע —

ר' יוסי: איך האב דיר שוין געזאגט, קינד, אז דער וואס ליגט דא איז בלויז א וואגלער און א וואגאבונד.

אורזילא: (בויגט זיך אן איבער דעם שלאפענדיגען און באטראכט איהם) ס'איז נאך טונקעל אין דרויסען און איך קען ניט גוט זעהן. (קורצע פויזע) איך קען ניט הערען זיין אטהעם. זיין ברוסט באוועגט זיך ניט. טאטע, איז ער טויט? (זי ציטערט אין גאנצען קערפער).

ר' יוסי: (לעגט ארויף זיין האנד אויף איהר קאפ; מיט אן אונהיימליכען קול) יא. דער וואס ליגט דא איז א טויטער.

אורזילא: (זינקט לאנגזאם אין ר' יוסי'ס ארעמס; מורמעלט) א טויטער! א טויטער!

ר' יוסי: (מאנאטאן און אונהיימליך) צווישען דיר און איהם ליגט א שווארצער תהום און איבער דעם תהום שוועבט דער מלאך פון טויט. קינד, דו ביזט א פאר'סמ'טער קוואל, דיין תאוה איז א גיהנום, דיין קוש איז דער טויט. (שטוואס שטילער) קינד, דיין שמייכעל האט חרוב געמאכט א גרויסע וועלט, א הערליכע

וועלט. אט ליגט די חורבה פאר דיינע אויגען. קינד, מיין איינציגע היים־געליעבטע טאכטער; דו ביזט דער פלוך און דאס אומגליק און דו מוזט — — — (די לעצטע ווערטער שטארבען אויף זיינע ליפען).

א ו ר ז י ל א : (אטהעמט שווער; פלוצלינג טהוט זי א געשריי, רייסט זיך ארויס פון דעם פאטערס ארעמס און לאזט זיך לויפען. באלד, אבער, בלייבט זי שטעהן און ווארפט א בליק פון טיעפען שרעק הינטער זיך. זי באגעגענט דעם פאטער'ס שארפע אויג וואס פיקסירט זי רוהיג און אונבאוועגליך. עטליכע מאל ווידערהאלט זי איהר פארזוך צו אנטלויפען און יעדעס מאל בלייבט זי ווי פארשטיינערט ווען זי באגעגענט זיך מיט דעם פאטער'ס אויגען. א פארצווייפעלטע קוקט זי זיך ארום נאך הילף. זי דערשלעפט זיך ביז צום טויער פון גארטען און זינקט א מיעדע צו דער ערד).

ר' י ו ס י : (געהט לאנגזאם צו צו איהר) קינד, לויף ניט אוועק פון מיר. דו ביזט שוואך און איך וועל דיך טראגען אין מיינע ארעמס. (בויגט זיך אן און הויבט זי אויף).

א ו ר ז י ל א : (צוטומעלט) בלוטיגע רעדער יאגען זיך ארום מיין קאפ. נעהם אוועק דיינע אויגען, טאטע. זיי ברענען מיך ווי פייער־שפיזען. (אטהעמט שווער).

ר' י ו ס י : איך וועל דיר געבען רוה, קינד מיינס. דיין הארץ וועט מעהר ניט שטורמען און דיין בלוט וועט מעהר ניט קא־כען. ציטער ניט אזוי, ליעבהארציגע אורזילא, ציטער ניט! באלד וועסטו רוהען. די ווילדע חלומות וועלען מעהר ניט שטערען דיין שלאף. (ער פיהרט זי אויף און אב אין גארטען).

א ו ר ז י ל א : (רעדט ווי זי זאל זיך וועלען עפעס דערמאהנען אבער ס'קומט איהר אן מיט גרויס מיה) האַ? א לבנה־העלע נאכט אין גארטען — — — זיי זיינען געגאנגען אויף און אב — — — און אהין און צוריק — — — דער פאטער און דער זוהן — — — ביי דעם טויער פון הויז האב איך זיי געזעהן — — — ניין, די מאמע האט זיי געזעהן — — — דער זוהן איז געלעגען טויט.

פארשטארצט — — — (טהוט זיך פלוצלינג א רייס אוים פון דעם פאטער'ס ארעמס; מיט א ווילדען קוויטש) איך וויל נים! איך וויל נים! (לויפט; איהר ווילדער בליק זוכט עמיצען וואס זאל זי באשיצען. זי דערזעהט דעם שלאפעדיגען אבא יודן. זי לויפט צו צו איהם, זעצט זיך אוועק אויף דער ערד און הויבט איהם אן וועקען).

ר' יוסי: (געהט איהר לאנגזאם נאך).

אורזילא: שטעה אויף, אבא יודן, שטעה אויף. אורזילא רופט דיך. אה, אבא יודן! פארוואס ענטפערסט דו מיר נים? איך האב דיך ליעב און דו מוזט מיר העלפען. איא, אבא יודן? זעה, איך קוש דיינע ליפען און איך קוש דיינע אויגען. (קושט איהם). איך בין דאך דיין כלה און — — — יא, איך וועל דיך האלזען און קושען ביז די זון וועט אויפגעהן. נור ענטפער מיר, אבא יודן, ענטפער מיר. (א פארצווייפעלטע) ביזטו טוים? פארוואס נעהמסטו מיך נים ארום מיט דיינע צוויי שטארקע ארעמס? איך וויל נים שטארבען! ניין, ניין! לאז מיך נים. (שטילער) אבא יודן, דו זעהסט ווער ס'שטעהט הינטער מיר? איך פיהל ווי זיין בליק ברענט מיין געהירן. אומברענגען וויל ער מיך, מארדען וויל ער מיך. זעה! דיין מעסער שטעקט אין גארטעל. נו! שנעל! שנעל! דיין ארעם איז שטארק און דיין אויג שארף. אין הארץ שטויס, אין הארץ אריין ביז צום הענטעל! אבא יודן! אבא יודן!

ר' יוסי: (לעגט ארויף זיין האנד אויף איהר קאפ; רוהיג) קינד, ער האט דאס שוין פריהער געוואלט טהון, נור ער האט נים געקענט. אבא יודן האט בלויז איינמאל געמארדעט — צוליעב זיין תאוה. א צווייטען מאל דאס צו טהון איז ער צו שוואך. ער איז נים קיין מערדער. ער איז בלויז א בעטלער, א וואגלער, א וואגאבונד. ריהר איהם נים אן, אורזילא. דו ביזט מיין טאכטער. דיין קליינע האנד איז שטארקער ווי יענער ריעזיגער ארעם.

אורזילא: (כאפט דאס מעסער און שפרינגט אויף) דו —

— — טיראן — — — —

ר׳ יוסי: (שטעהט רוהיג) קינד, ניט דאָס זיינען דיינע בלי־זיין. (איהר אָרעם זינקט און דאָס מעסער פאַלט אַרויס פון איהר האַנד) בלויז איינמאָל האסטו געצווינגען די שווערד איבער מיין קאָפּ. בלויז אויף איין מינוט בין איך געוואָרען דיין שקלאַף. די מינוט וועט זיך ניט אומקעהרען; זי טאָר זיך ניט אומקעהרען. קינד, קום אין מיינע אָרעמס. איך וועל דיר געבען רוה און גאָטס וועלט איהר פריעדען.

אורזילא: (מורמעלט שוואַך) איך וויל ניט! איך וויל ניט!

ר׳ יוסי: מיין ווילען איז שטאַרקער ווי דיינער, אורזילא. אין דיין נשמה ציהט איצט אריין די רוה, דאָס שטילשווייגען און דער פריעדען. שלאָף, מיין קינד, שלאָף. (ער פיהרט זי לאַנגזאַם אַוועק און זיי פאַרשווינדען צווישען די בוימער).

ילתא: (ערשיינט אין דעם טויער פון הויז. איהר פּנים איז שרעקליך אונרוהיג. אַ פאַרצווייפעלטע לויפט זי אַרום אין גאָרטען און זוכט. זי ערשיינט און פאַרשווינדט עטליכע מאָל צווישען די בוימער).

ר׳ יוסי: (קומט אַרויס פון צווישען די בוימער. אין זיינע אָרעמס טראָגט ער דעם קערפּער פון אורזילא. ביי דעם טויער באַגעגענט ער ילתא'ן. זי שטעהט און ברעכט די הענד און רעדט קיין וואָרט ניט).

(אין מזרח־זייט באַווייזען זיך די ערשטע רויטליכע פאַסען פון דער מאָרגען־זון).

**(פאָרהאַנג)**